# יוסף אין עגיפטען

## אהיסטארישע אפרעטע אין 4 אקטען

פון

## יאזעף לאטיינער

**AMKRAUT & FREUND**

Buchhandlung

**PRZEMYŚL**

1913.

דרוק קנאללער עט זאהן פשעמישל

נייעסטער

# טהעאטער־קאטאלאג

פון אמקרויט עט פריינד פשעמישל.

## יעקב גארדין'ס דראמען.

| | K | h |
|---|---|---|
| אלישע בן אבויה | — | 70 |
| גאָט, מענש און טײַפעל | — | 70 |
| געברידער לוריא | — | 70 |
| דער אמת | — | 70 |
| דער מטורף | — | 70 |
| די שעהנע מרים | — | 70 |
| דער שארלאטאן | — | 70 |
| דוד'ל משורר | — | 70 |
| די שבועה | — | 75 |
| די שחיטה | — | 70 |
| דער ווילדער מענש | — | 70 |
| דבורה'לע מיוחסת | — | 70 |
| די אמת'ע קראַפט | 1 | — |
| דער אונבעקאַנטער | — | 70 |
| האשע די יתומה | — | 70 |
| יודישער קעניג ליער | — | 70 |
| מיערעלע אֶפרת | — | 90 |
| קרייצער סאנאטע אמעריקאנישע אוסגאבע | 1 | — |

## שלום אש'ס דראמען.

| | K | h |
|---|---|---|
| גאָט פון נקמה | — | 90 |
| משיח'ס צייטען | — | 90 |
| אמנון ותמר | — | 75 |
| מיט'ן שטראָם | — | 60 |
| אים ווינטער | — | 45 |
| דער זינדיגער | — | 45 |
| דער לאנדסמאַן | 1 | — |
| שבתי צבי | 1 | — |

## פרץ הירשביין'ס דראמען

| | K | h |
|---|---|---|
| איינזאַמע וועלטען | — | 30 |
| אין דער פינסטער | — | 15 |
| דער אינטעליגענט | — | 50 |
| דער תקיעת כף | — | 70 |
| די נבלה | — | 40 |
| די ערד | — | 70 |
| וויטע און נאהנטע | — | 35 |
| יואל | 1 | — |
| קברים בלומען | — | 60 |

## יאזעף לאטיינער'ס דראמען

| | K | h |
|---|---|---|
| יודאלע דער בלינדער אדער אמת ושקר | — | 70 |
| עזרא דער עוויגער יודע | — | 70 |
| די סדר נאכט | — | 70 |
| בת שבע | — | 70 |
| יוסף אין עגיפטען | — | 70 |
| על נהרות בבל | — | 70 |
| דודי'ס פידאלע | — | 60 |
| ב׳ ימה'לע | — | 60 |
| הרבן ירושלים | — | 70 |
| הינקע פינקע | — | 70 |
| מישקע מאַשקע | — | 70 |
| שרה שיינדעל | — | 70 |
| מאמאָן דער געלדגאָט | — | 60 |
| שלמה גאָרגעל | — | 70 |
| דאס יודישע הערץ | — | 75 |

## העינריך איבסען'ס דראמען

| | K | h |
|---|---|---|
| די גייסטער | — | 90 |
| די פרוי פון ים | 1 | — |
| נאָראַ, איבערזעצט פון י. ווינטשעבסקי | 1 | — |
| העדדאַ גאַבלער, איבערזעצט פון א. ים | 1 | — |
| דער בוימייסטער, איבערזעצט פון א. גאלדוויין | 1 | — |
| ראָזמערסהאָלם, איבערזעצט פון א. גאלדוויין | 1 | — |
| דער קליינע עאָלף, איבערזעצט פון ק. טעפער | 1 | — |

## י. ל. פרץ'ס דראמען

| | K | h |
|---|---|---|
| אין פאָליש אויפ'ן קייט | — | 90 |
| בייא נאכט אויפ'ן אלטען מארק | 1 | — |
| דיא גאָ׳דענע קייט | — | 90 |
| שאמפאניער | — | 25 |

# יוסף
# אין עגיפּטען

היסטארישע אפערעטטע אין 5 אקטען
אין 8 בילדער מוזיק פון סאנדלער.

פון

## י. לאטיינער



פערלאג פון

אמקרויט עט פריינד, בוכהאנדלונג, פשעמישל.

1913



# די פּערזאָנען:

יעקב :
ראובן :
שמעון :
לוי :
יהודה :
יששכר :
זבולון :
דן : זיינע קינדער
נפתלי :
גד :
אשר :
יוסף :
בנימין :
סרח : אָשר'ס טאָכטער
יהצאל : יהודה'ס דינער
אליחלף : עלטסטער פון די מדינים
פרעה : קעניג פון מצרים
זליכה :
מרד : שר המשקים
פאַסטוכער, פּאָלק, מיליטער.

# ערשטער אקט.

(א וואלד יעקב׳ס קינדער, הינטער זיי פאסטיכער זינגען)

**באר** (מענער): מיר פאסטיכער פיהרען א שעהנעם לעבען
לוסטיג מונטער אימער איז אונזער געצעלט
פרעהליך שפאצירען מיר, מיר שוועבען
מיט אונזערע שעפעלעך אויף דעם פעלד.

**דאמען**: דער שטאדטסמאן איז נאר אלע מאל צוטראגען
זיין לעבען איז ביי איהם נור געלד
קיין מאל צו פריעדען ער מעג ווי פיעל פערמאגען
אין פיעל קומער און זארגען לעבט ער אב זיין וועלט.

**מענער**: אבער אונזער לעבען איז פול גליק,
מיר זענען אימער צופריעדענגעשטעלט
ווי פיעל מיר פארמעגען איז פאר אונז גענוג
מיט אונזערע שעפעלעך אויף דעם פעלד
מיר פאסטיכער פיהרען א. ז. וו.

**טענערע**: יעצט לאמיר ליעבע ברידער געבען אלע א שבח
דעם ליעבען גאט אין הימעל וואס האט אונז ערנעהרט
זאט געגעסען און געטרונקען האבען מיר אסך.
געלויבט ביזטו גאט וואס דו האסט אונז אלעם בעשעהרט
וויל נור דו, נור דו אליין
ערנעהרסט פון גרויס ביז קליין
שפייזט איעדען אויף דער וועלט
מיט אונזערע שעפלאך אויף דעם פעלד
מיר פאסטיכער פיהרען א. ז. וו.

(עס ווערט אנגעשריי הינטער די קולישען, יאחצאל ערשיינט)

**יהודה**: וואס איז דארט פאר א געשריי?
**יאחצאל**: א טיגער!
**יהודה**: נו, איז אריין צווישען די שאף?
**יאחצאל**: דערוויל נאך ניט. מיר האבען איהם דערזעהן פון דער
ווייטען ווארפען אייגעלעך האבען מיר אנגעהויבען שרייען.
**יהודה**: א דומקעפף, וואס איהר זענט אלע! איך האב געמיינט
אז דער גאנצער בארג האט זיך אין בעוועגונג געזעצט
און דער גאנצער וואלד מיט זיינע ווילדע חיות האבען זיך אהער-
געלאזען.

**לוי:** קומט ברידער!

**יהודה:** שטעהט ברידער! איך וועל אליין קענען דעם טיגער בע-
שטע . קום יאחצאל ווייז מיר וואו איז דאס קעצעלע
(ביידע אב)

**ראובן:** ברידער! אפשר וועט יהודה'ן זיין שווער דעם טיגער
אליין ביי צו קומען זאלען מיר פיעלייכט איהם געהן צו
הילף?

**שמעון:** זארג ניט ברודער ראובן! ביי יהודה'ן שפּיעלט אקליינע
ראלע אפילו א גאנץ דוצענד טיגערס, איבערהויפּט
נאך איינער!

**לוי:** שמעון האט רעכט! מיט יהודה'ן האבען מיר גאנץ ווענינ וואס
צו זארגען, אה נישט אזוי אפט זעהט מען אזא העלד ווי
יהודה איז. זעהט איהר מיינע ברידער ווען דער פאטער זאל זיין אין
מיין מיינונג, וואלט יהודה געבּרויכט זיין דער ליבלינג פון אלע
זיינע קינדער, ער האט יא פערדינט צו טראגען א זיידען העמדעל
אבער נישט דער חונף יוסף.

**שמעון:** ווי קענסטו דאס בעהויפּטען, ברודער לוי? איז דען יהודה
אים שטאנד צו קומען צום פאטער מיט זא פיעל אויס-
געטראכטע נארישע ליגענס ווי יוסף? איז דען יהודה אים שטאנד צו
קומען צום פאטער און זיך פארשטעלען פאר אזא פרומען ווי יוסף?
איז דען יהודה אים שטאנד צו אויסטראכטען אזעלכע נארישע חלומות
און דעם פאטער דעם קאפּ צו פערדרעהען, ווי יוסף?

**ראובן:** שמעון און לוי מיינע ברידער! הערט אויף מיט אייערע
בייזע רייד, איהר פערזינדיגט אייך דאמיט קעגען גאט.
יוסף איז גאר ניט אזוי שלעכט ווי איהר זאגט! ער איז נישט מעהר
ווי א ביסעל קינדיש אז א חלום איז ביי איהם א גאנצע פרייד און
ער מוז איהר פאר די גאנצע וועלט דערצעהלען. מיר מוזען איהם
פערצייהען ווייל ער איז נישט מעהר ווי א קינד מיט א 17 יעהריגען
פערשטאנד, וואס ווייסט ער? און דאס וואס דער פאטער האט איהם
ליעבער פאר אלעמען, וואס האט ער שולד דאביי? זיין מוטער רחל
האט איהם דאך מעהר ניט איבערגעלאזט ווי איהם און בנימין.

**שמעון:** פערצייהע מיר ברודער ראובן, ווען איך וועל דיר זאגען
אז דו האסט אונרעכט. דאס וואס דער פאטער האט
יוסף'ן ליעבער פון אלעמען איז ניט דורך עטוואס אנדערש ווי דורך
זיין חניפה און פעהיגקייט דעם פאטער צו בעשווינדלען און צו בע-
טריגען. האט מען נאך געהערט אין דער גאנצען וועלט אז מען זאל
אייגענע ברידער אזוי פערמסרן ווי ער אונז? דעם קלענסטען פעהלער
וואס ער זעהט פון אונז דערצעהלט ער גלייך דעם פאטער און לייגט
נאך צו טויזענדער ליגענס. נאטירליך מוז ער ביי איהם הייסען דער

פֿרומסטער און דער בעסטער, און אויסער די אַלע זאַכען האָט ער גאָר אָנגעפֿאַנגען מיט חלומות אַ גאַנצען האַנדעל צו טרײַבען. דער בעל החלומות איז בײַ איהם געוואָרען אַ הויז־פֿרײַנד און ברענגט איהם יעדע נאַכט פֿרישע סחורה. הערט אַ אײַנפֿאַל פֿון אַ אינגעל, ער קומט צום פֿאַטער און ערצעהלט איהם אַז עס האָט זיך איהם געחלומט, אַז מיר אַלע זענען אין פֿעלד און בינדען גאַרבען, זענען אונזערע גאַרבען אויפֿגעשטאַנען און זיך געבוקט צו זײַנע. מיט דעם וויל ער זאָגען אַז דער בעל החלומות האָט איהם געגעבען אָנצוהערען, אַז עס וועט קומען אַ צײַט ווען מיר אַלע וועלען זיך פֿאַר איהם בוקען. דער פֿאָטער נאַטירליך האָט בעמערקט אונזערע צאָרניגע געזיכטער האָט ער זיך אויף איהם אָנגעבײַזערט. דאַפֿיר איז ער מיט אַ קורצע צײַט צוריקגעקומען צום פֿאָטער מיט אַ פֿריש געבאַקענעם ליגען, אַז די זוהן און די לבנה און 11 שטערען האָבען זיך פֿאַר איהם געבוקט פּונקט אַזוי פֿיעל האָט ער אָבגעצעהלט ניט מעהר און ניט ווענינגער. ווייסט איהר פֿאַר וואָס 11? ווײַל אַזוי פֿיעל ברידער זענען מיר אויסער איהם. נו פֿרעג איך אײַך מײַנע ברידער, איז עס ניט אַפֿרעכהײַט ווען אַזוי אײנער בילדעט זיך אײַן אונזער קעניג צו זײַן? מיר העלדען, וואָס מאַכען די גאַנצע וועלט ציטערען פֿאַר אונז, זאָלען מיר געצוואונגען זײַן צו לײַדען פֿון אַזאַ ניכטס? נו! פֿערדינט אַזוי אײַנער אונזער אַ ברודער צו זײַן? ניין! ווען אײַן גליעד פֿון אײַן קערפּער ווערט פֿערדאָרבען דאַרף צוליעב דעם פֿערדאָרבענעם גליעד דער גאַנצע קערפּער ניט לײַדען דאָס פֿערדאָרבענע גליעד מוז אויסגעשניטען ווערען און דער גאַנצער קערפּער מוז בלײַבען פֿריש און געזונד ווי געוועזען, ווי איז אײַער מײַנונג ברידער?

**אלע:** געוויס האָט שמעון רעכט!

**ראובן:** אָבער אום גאָטעס ווילען מײַנע ברידער! ווילט איהר דען אַמאָרד דערגעהן?!

**שמעון:** דו, ראובן, זוכסט אַלע מאָל צו פֿערטײדיגען איהם אויב וזאהל אין האַרצען ביזטו איהם דער זעלבער פֿײַנד וואָס מיר, נור אַלס עלטסטער ברודער ווילסטו ניט זײַן געמישט אין דער זאַך. פֿון מײַנעט וועגען קענסטו בלײַבען גלײַכגילטיג. אָבער נישט אונזער געגנער צו זײַן.

**ראובן:** (אפארט) גאָט גיב מיר קראַפֿט איהם צו רעטען.

(עס ווערט אגעשריי, יהודה יחצאל מיט א טיגער קומען)

**באר:** זעהט נור אַהעלדענטהאַט ווי שעהן ער אַליין, גאַנץ אַליין האָט געטוידט דעם טיגער. } בײם

**יהודה:** אַזוי ליעג דו בעזעס ווילדער טהיר אויס געשטרעקט האָט ער זיך אויף דער ערד

אויסגעשטרעקט אויסגעשטרעקט אויף דער ערד.

**כאר:** בראַוואָ! בראַוואָ! בראַוואָ! יהודה!

**יהודה:** ווייט איז ער שוין ניט מעהר געווען
אויף די שעפּעלעך וואַר ער שוין בערייט
צו רעטען די אָרעמע שעפּעלעך
בלייבט מיר וועניג צייט
האַ האַ האַ אַזוי מיין ליעבער קום נור מיר ענטקעגען
איין שטויס נאַ דיר מיט מיין דעגען
איין שטויס איז ער שוין געווען טויט.

**כאר:** בראַוואָ! בראַוואָ! בראַוואָ! יהודה!!
אַזוי ליעג דו בעזעס ווילדער... א. ז. וו.

**ראובן:** איך מיין יהודה דער טיגער האָט דיר אַביסעל אָנגעמאַטערט.

**יהודה:** אָה זעהר וועניג, איין איינציגער שפּרונג און איך בין מיט איהם פאַרטיג געוואָרען.

**יחצאל:** איך האָב פריהער געוואוסט אַז מיר וועלען מיט איהם קיין סך אַרבייט ניט האָבען.

**שמעון:** מיין אָרעם קעצעלע עס האָט זיך דיר פערגלוסט אַשעפּעלע?

**לוי:** יהודה, דו האָסט איהם נעביך דעם גאַנצען אַפּעטיט פעררואָרבען.

**יחצאל:** אַמצוה אויף איהם! האָט ער נישט געוואָלט אַזוי גלאָצען מיט די איינגעלאַך.

**יהודה:** ברידער, איך דענק אַז מיר וועלען באַלד פון אַגרויס געוויטער איבערראַשט ווערען. וואָלט מיין עצה געווען דאָס מיר זאָלען אונזערע שאָף איבערשיקען נאָך דותן. ערשטענס איז דאָרט דער פּלאַץ גענוג גרויס און פעט אום אונזערע שאָף צו פיטערן און דאָ זענען מיר שטענדיג נישט זיכער פון ווילדע חיות.

**לוי:** יהודה האָט רעכט קומט נאָך דותן!

**יהודה:** העך, דינער! נעהם צו זאַמען די שאָף און געהט נאָך דותן, און דו יחצאל זאָלסט מיר דאָס פון דאַנען אַיועק שאַפען און די פעל ברענגען אַ היים. קומט ברידער!

**כאר:** שאַרף איז אונזער שווערד
ווען ווילדע בייזע טהירע
בעווייזען זייער גבורה
פיהלען זיי אונזער שווערד
און אויך ביים שטאַרקען קריעגער
מיר בלייבען שטענדיג זיעגער
איבער פיינדע פיעל
מיר קענען געגען זיי בעשטעהן (אַלע אַב).

**יחצאל:** אַשעהן שטיקעל אַרבייט האָט ער מיר דאָ איבער געלאָזט, אַז ביי איהם איז עס אַקעצעל מיינט ער אַז עס איז ביי יעדען אַזוי. איך וואָלט מיר בעסער אונטער־גענומען מיט 10 קאַטערס מלחמה צו האַלטען, איידער מיט איינס אַזאַ קעצעלע. נו וואָס טהוט מען יעצט? זאָל איך זיך ניט וויסענדיג מאַכען און לאָזען עס דאָ ליעגען, קען מיר יהודה אָנקלאַפּען אַבראַוואָ אויף די פּלייצעס אַז עס זאָל שוין אויף זיי קיין גראָז ניט וואַקסען. וואָס זשע דען טהוט מען? איך וועל געהן אַהער־רופען אַ פּאָר פּאַסטובער זיי זאָלען מיר העלפען איהם צונעהמען. דערווייל אַדיע מיין שעהן טיגערל! טאָמער פערשמעקט זיך דיר אַשעפּעלע זאָלסטו זיך דערמאָנען אָן יהודה און אָן מיר. שאַדט ניט קענסט זיך דערמאָנען אָן מיר אַליין אויך. דערווייל ליעג דאָ ביז איך וועל קומען (אב מוזיק שפילט. יוסף ערשיינט).

**יוסף:** שטיל איז איבעראַל קיין מענשען ניט צו זעהן, וואו זאָלען מיינע ברידער זיין? דער פאָטער האָט מיר געשיקט זעהן וואָס זיי זאַמען זיך היינט לענגער ווי אַלע מאָל. אָבער וואָס זאָל מיט זיי געשעהען? אויף דעם פּלאַץ פּלעג איך זיי אַלע מאָל טרעפען און יעצט זעה איך קיינעם ניט. זאָל איך פיליַיכט האָבען דעם ריכטיגען וועג פערלוירען?.. אַך, עפּעס שרעקט מיך זעהר מיין הערץ, עס קומט מיר פאָר ווי מיין לעבען שטעהט אין געפאַהר... נאָך ניע האָט זיך מיין הערץ אַזוי געשראָקען ווי איצט... נור בין איך דען ניט אַ נאַר? איך מאַך מיך אַליין שרעק אָהן אַסבה. קען מיר דען עפּעס שלעכטעס געשעהן ווען איך געה דורך מיין פאָטערס בעפעהל?! זיין תּורה איז מיר אַלעמאָל אויף מיינע ליפּען אַ טרייסט אין דער נויטה, מוטה אין געפאַהר! (זינגט)

געה בעפעהלט גאָט די נשמה
ווען ער שיקט זי אויף דער וועלט אַראָב.
געה, זאָגט ער איהר — מיט פריידע
דאָרט וואַרט ביז איך נעהם דיך אָב
און ווען דיר וועט שלעכט זיין דאָרט
פערצווייפעל ניט מיין קינד
געדענק נור גוט דאָס וואָרט
וואָס איך גיעב דיר מיט אַ צינד
אל רחום, אל רחום, אל רחום איז מיין נאָמען } בים
פערגעס דאָס ניט

(יחצאל ערשיינט מיט דינער).

**יאחצאל:** קומט! נעהמט איהם! דאָ ליעגט ער! אָ יוסף! דרעהסט זיך דאָ אַליין אַרום?

**יוסף:** יחצאל! ווייסט ניט וואו מיינע ברידער זענען?

**יחצאל:** דיַינע ברידער זענען אַוועק מיט דעם וועג און מיט דעם וועג וועלען זיי באַלד צוריק קומען.

**יוסף:** זאָגסטו אַז איך וועל געהן מיט דעם וועג וועל איך זיי געפינען?

**יחצאל:** יאָ! נור גיעב אַכטונג, עס דרעהען זיך דאָ אַרום קען!

**יוסף:** קען?

**יחצאל:** יאָ, אַזוי הייסען זיי ביי דיין ברודער יהודה ווילסט זעהן איינעם?

**יוסף:** יאָ!

**יחצאל:** אָט קוק איהם אָן!

**יוסף:** אַטיגער!

**יחצאל:** יאַ אַטיגער, איך און יהודה האָבען מיר איהם געחאַפּט.

**יוסף:** דו און יהודה?!

**יחצאל:** געוויס! איך האָב איהם דערזעהן האָב איך אָנגעהויבען שרייַען און יהודה האָט איהם געחאַפּט.

**יוסף:** אָ יחצאל, ביסט אַגאַנצער העלד געוואָרען!

**יחצאל:** געוויס! צווישען העלדען ווערט מען אַליין אויך אַ העלד!

**יוסף:** זאָגסטו אַז איך וועל געהן מיט דעם וועג וועל איך טרעפען מיינע ברידער! (אב)

**יחצאל:** יאָ, נור טאָמער מאַכט זיך דיר עפּעס אַבעגעגענעניש זאָלסטו רופען מיך און יהודה. נישקשה מענסט רופען מיך אַליין אויך עס מאַכט נישט אוים! נו וואָס שטעהט איהר? נעהמט עס און טראָגט עס אוועק, איז עס ניט אַשאַנדע מען זאָל זיך פּלאָגען מיט אַזאַ נאַרישׁ קעצעלע? וואָס וואָלט איהר טהון ווען ער זאָל שטעהן אַזוי געגען איך און גלאַנצען מיט די אייגעלאַך און קריצען מיט די ציין, ווי אַנטקעגען מיר און יהודה? נו נעהמט עס שוין צו! (אלע נעהמען עס און טראגען אוועק אב די ברידער קומען אן).

**ראובן:** ברידער! איך דענק אַז מיר זאָלען געהען אַהיים, דען דער פאַטער מוז שוין וועגען אונז שטאַרק בעזאָרגט זיין.

**לוי:** קומט ברידער!

**שמעון:** (קוקענדיג הינטער די קוליסען) הידד, יחי המלך!

**ראובן:** וואָס איז מיט דיר שמעון? מיט וועמען רעדסטו דאָרט?

**שמעון:** זעהט נור מיינע ברידער, אויף אַזאַ גרויסען גאַסט האָבען מיר זיך גאָר נישט געריכט!

לוי: אָה יוסף דער בעל החלומות! דאָס ציטעריגע קינד מיט'ן זיידען העמדעל!

שמעון: וואו איז דיין רעספּעקט, לוי! דו האָסט גאָר פערגעסען אַז ער איז אונזער צוקונפטיגער קעניג? אוים לויטער גוטהערציגקייט האָט ער זיך אראָב געלאָזט אונז אויזיט אבצושטאַטען.

לוי: אַזאַ קעניג מעג מען דעם קאָפּ אַרונטער נעהמען.

ראובן: שווייג אונבעזאָנענער! וואָס רעדסטו!

שמעון: שטעה אונז ניט אין וועג, ראובן. מיר מוזען פון די שלאַנג פּטור ווערען.

ראובן: איז יוסף ביי דיר אַ שלאַנג? דו פערגעסט אַז דו וועסט ניט נור אַ ברודער-מערדער זיין, זאָנדערן אויך אַ פאָטער-מערדער!

שמעון: און ווער האָט דיך פאַר אונזער מוסר-זאָגער געמאַכט? ווען מיר הייסען ביי דיר מערדער, אַזוי טייל זיך אָב פון אונז.

ראובן: און איך שווער ביי גאָט, זאָ לאַנג איך לעב זאָל קיין בלוט פערגאָסען ווערען!

שמעון: מיט וואָס פאַר אַ רעכט געהסטו איינער געגען אונז אַלע?

ראובן: ווייל איך בין אייער עלסטער ברודער

יהודה: ברידער אום נאָטעס ווילען נור קיין שטרייטיגקייטען צווישען אונז! דו האָסט אַפילו רעכט ברודער דאָס קיין בלוט דאַרף פערגאָסען ווערען, ער איז דאָך אונזער ברודער. אָבער דו דאַרפסט ניט פערגעסען אַז עס איז שוין פון איהם מעהר ניט צו ער-טראָגען. זיין בענעהמען זיך קעגען אונז איז אונערטרעגליך. נייז מיר קענען איהם ווייטער ניט לאָזען פיהרען אזעלכע וועלטען. איין שריט מוז געמאַכט ווערען ווי איהם אונשעדליך צו מאַכען.

ראובן: אָה גאָט! גיעב מיר קראַפט איהם צו רעטען!

יהודה: יאָ אַלס עלטסטער ברודער גיעב דו אונז אַראַטה וואָס זאָלען מיר מיט איהם טהון?

ראובן: קיין אַנדערען ראטה האָב איך ניט, הערט מיך אוים מיינע ברידער, בעסער זאָלען מיר איהם אַריינוואַרפען אין איינעם פון די טיעפע גריבער אונבעקימערט וואָס פון איהם וועט ווייטער ווערען, און אונזערע הענד וועלען ווענינסטענס זיין ריין פון בלוט.

יהודה: דער פּלאַן איז פאָרטרעפליך

ראובן: (אפּארט) יעצט האָב איך נאָך אַהאָפנונג איהם צו רעטען און צום פאָטער צוברענגען.

**שמעון:** רוהיג מיינע ברידער! זיינע מאיעסטעט קומט!

(יוסף ערשיינט)

**יוסף:** פריעדען צו אייך מיינע ליעבע ברידער!

**שמעון:** פריעדען צו דיר אונזער וועלט בעריהמטער קעניג! דיינע אונטערטעניגסטע שקלאפען האבען שוין ערווארטעט דיין קעניגליכע האהייט.

**יוסף:** וואס זאלען בערייטען דיינע רייד?

**לוי:** דאס בעדייט גאנץ איינפאך. אזוי ווי מיר האבען דיך אנער־קענט אלס אונזער קעניג האבען מיר דיר פארבערייטעט זאך אין טראהן, וועלכער ווערט פאר דיר זעהר פאסען. דו קענסט איהם זעהן, ווען דו ווילסט. דארט איז ער! (ווייזט אויפ'ן גרוב)

**יוסף:** ברודער!

**שמעון:** שווייג דו חונף! דיין מויל זאל מעהר דאס ווארט ברודער ניט ארויס־רעדען. אויף עוויג זאל עס דיר פערשלאסען זיין!

**יוסף:** גאט אין הימעל! הער איך עס וואכענד אדער איז עס נור א חלום?

**שמעון:** געוויס נור אחלום! דו ביסט דאך אוים לויטער חלומות צוזאמען־געזעצט געווארען!

**לוי:** ווי עס שיינט האט ער העס בעל החלום אבגעדונגען אויף דעם יאהר, איהם בערעכנט ער גאנצע בערג חלומות און אונז קען איינציגען ניט.

**יהודה:** עס איז ווירקליך זאנדערבאר. איך האב נאך נישט דאס גליק געהאט אז צו מיר זאל זיך בוקען איין איינציגער שטערען, צו איהם דאגעגען בוקט זיך די זונן די לבנה און 11 שטערען.

**שמעון:** בערוהיגט אייך מיינע ברידער! אז מיר וועלען איהם אריינשלעפען אין איינם פון די [illegible] מעג איהם שוין דער בעל החלום דעם גאנצען הימעל מיט חלומות אראב־ברענגען.

(אלע לאכען)

**יוסף:** און אזוי קאלט־בלוטיג קענט איהר נאך לאכען און שפאטען פון א איינענעם ברודער בשעת איהר זייט בערייט זיין בלוט צו פערגיסען? א ברידער מיינע! גערעכנקט, איבערקלערט אייך גאנץ גוט בעפאר איהר ווילט בעגעהען אזא גרויסע זינד. ווי אזוי וועט איהר קענען ריין וואשען אייערע הענד פאר גאט און פאר אונזער טייערען פאטער יעקב? איהר ווייסט ווי ליעב ער האט מיך. און דו ראובן מיין עלסטער ברודער דו שטעהסט אויך פון דער וואייטענס? ביי דיר איז אויך רעכט אז איך זאל אזוי אונבארמהערציג פון דער וועלט אוועק קומען? און דו יהודה, דו וועלט בעריהמטער העלד! וועסט דאס אויך אנצייגען צווישען דיינע העלדענטהאטען מיך דעם יונגסטען

דעם שוואַכסטען פֿון דער וועלט אומצוברענגען? און איהר אַלע מײַנע ברידער! איז דען בײַ אײַך אויסגעלאָשען געוואָרען דער לעצטער פונק מורא פֿאַר גאָט? האָבען דען אײַך אונזערע עלטערען נישט געלערנט צו פֿערגעסען די זינד פֿון אַ פֿײַנד אַפּילו, איבערהויפּט פֿון אַ אייגענעם ברודער? אָ שמעון און לוי! גיט נישט נאָך אײַער ווילדען צאָרן! ערקלערט מיר אין וואָס בעשטעהט מײַן זינד געגען אײַך. איך שווער בײַ גאָט דאָס נישט מעהר צו טהון. אָה ברידער מײַנע ערבאַרמט אײַך איבער מיר, האָט מיטלייד! מיטלייד!

**לוי:** ווי געפעלט אײַך ווי ער קען פלאַפלען מיט זײַנע זײַדענע ליפּעלעך? ווי קינסטליך ער קנאַקט מיט זײַן צינגעלע? וואָלט איהר נישט געקענט מײַנען אַז אַ רוח הקדש רעדט פֿון איהם ארויס? אָ נײַן דו חונף! ניט אונז וועסטו דעם קאָפּ פֿערדרעהען! מיר קענען דיך שוין גוט! דײַנע ליפּען טריפֿען האָניג בשעת דײַן צונג איז פֿול גיפֿט. דײַן מויל פלוידערט אויס אַ שבועה ניט צו זינדיגען, בשעת דײַן קאָפּ איז פֿול מיט פּלענער אין גאַנצען די ליבע פֿון אונז בײַ דעם פֿאָטער אַוועק-צורויבען! נײַן, קײַן וויינען קײַן יאָמערן וועט דיר מעהר נישט העלפֿען! דײַן לעצטע שעה איז געקומען.

**יוסף:** (זינגט) אָה ברידער מײַנע, לאָזט מיך לעבען
איז דען אײַער הערץ פֿון שטײַן? נײַן, נײַן, נײַן,
יהודה, לוי, ראובן!
אָה גאָט ווער וואָלט עס אַמאָל געגלויבט
אַדיע מײַן פֿאָטער בלײַב געזונד
צום טויט האָסטו געשיקט דײַן קינד
דעם לעצטען גאַנג געשיקט אַהער,
זעהן וועסטו מיך שוין ניט מעהר.
צום טוידט האָסטו געשיקט דײַן קינד
דעם לעצטען גאַנג געשיקט אַצינד
בלײַב געזונד, בלײַב געזונד, יעבער פֿאָטער בלײַב געזונד

**כאָר:** הערט איהם ניט צו הערט איהם ניט.
דאָ בלײַב אין גרוב איז דײַן אָרט
נײַן, גײַן! רעד ניט מעהר קײַן וואָרט
דאָ בלײַב רעד ניט מעהר קײַן וואָרט
דאָ בלײַב אין גרוב איז דײַן אָרט (בינדען איהם און ווארפען איהם אין גרוב אלע אב) (עס קומען אן מדינים)

**אליחלף:** נו מײַנע ברידער זעצט אײַך דאָ אויס, וואַסער איז דאָ וועלען מיר אַנטרענקען אונזערע קעמלען און אַליין וועלען מיר אויך עפּעס טרינקען. חאַלאַמישע גײה נעהם דאָס קריגעל און שעפּ אָן וואַסער.

**יוסף:** (פון גרוב זינגט) אַדיע-לעבע וואָהל!...

**אליחלף:** חאלאמישע, גיעב נור א קוק ווער זינגט עס דארט?

**חאלאמישע:** (ביים גרוב) אמענש! אמענש!

**אליחלף:** אמענש? (געהט צו צום גרוב) זאג נור ווער ביזטו?

**יוסף:** איך בין אמענש! האט רחמנות און נעהמט מיך ארויס.

**אליחלף:** איהר הערט! ער בעט מען זאל איהם ארויס נעהמען. חאלאמישע גיעב אהער אשטריק וועלען מיר איהם ארויס שלעפען.

**חאלאמישע:** (ברענגט שטריק) נא אט האסטו אשטריק, נעהם דיך אן וועלען מיר דיך ארויסנעהמען.

**יוסף:** איך קען נישט, ווייל מיינע הענד זענען געבונדען.

**אליחלף:** איהר הערט? זיינע הענד זענען איהם געבונדען! האלאמישע שפרינג אריין און נעהם איהם אן ביים קאפ און ווארף איהם ארויס (עס געשיהט).

**יוסף:** איך דאנק אייך מיינע ליעבע, איך דאנק אייך וואס איהר האט גערעטעט מיין לעבען.

**אליחלף:** זאג נור ווי קומסטו אהער?

**יוסף:** איך בין געגאנגען מיט דעם וועג בין אין אריינגעפאלען.

**אליחלף:** אגאנץ שעהנער יונג און קען אבער זאגען גאנץ שעהנע ליגענס דו זאגסט אז דו ביזט אריינגעפאלען, נו און ווער האט דיר די הענד געבונדען?

**יוסף:** איך וועל אייך זאגען דעם אמת. איך בין ניט אריינגעפאלען נור מען האט מיך אריינגעווארפען.

**אליחלף:** איהר הערט, מען האט איהם אריינגעווארפען. ווער האט דיך אריינגעווארפען?

**יוסף:** מיינע ברי... מיינע פריינדע! מיינע פריינדע!...

**אליחלף:** איהר הערט זיינע פריינדע האבען איהם אהער אריינגעווארפען איך רעכען אז מיר וועלען פאר איהם נעהמען א שעהנעם פרייז. קום מיט אונז מיר וועלען דיך ניט אריינוואַרפען אין קיין גרוב.

**יוסף:** האט רחמנות! פיהרט מיך ניט מיט אייך! פיהרט מיך צו מיין פאטער. ער איז רייך ער וועט אייך געבען פאר מיר געלד וויפיעל איהר וועט וועלען. פיהרט מיך צו מיין פאטער.

**אליחלף:** אזוי דו האסט אַרײַכען פאטער? זעהר שעהן קום מיט אונז.

**שמעון:** (לויפט אריין) הא? וואס זעה איך? שנעלער ברידער קומט אהער!

**אלע:** (לויפען אריין מיט אגעשריי) וואס איז דאס?

**שמעון:** זאָג נור ווי קומט דער יונגלינג צו דיר?

**אליחלף:** וואָס פֿאַר אַרעֶבט האָט איהר צו פֿרעֶגעֶן אויף איהם?

**שמעון:** עֶר איז אונזער קנעֶכט, עֶר האָט זיך געֶגעֶן אונז פֿערזינדיגט האָבעֶן מיר איהם אַהעֶר אַריינגעֶוואָרפֿעֶן.

**אליחלף:** עֶר איז אייעֶר קנעֶכט? און איך וואָלט געֶקעֶנט שווערעֶן אַז עֶס פּאַסט אייך בעֶסעֶר צו זיין זיינע קנעֶכט. נו וואָס קוקט איהר מיך אַזוי אָן? איך האָב געֶזויס דעֶם אֶמת געֶזאָגט. קומט! אונז מדינים ווילעֶן זיי נאַרעֶן.

**אלע:** שטעֶה! האַלט!

**שמעון:** שטעֶהט ברידעֶר! עֶס איז גאָר אַשאַנדעֶ אַז מיר זאָלעֶן זיך פּלאָגעֶן מיט אַזעֶלכעֶ שוואַכעֶ פֿליגעֶן. איך אַיינעֶר געֶה געֶגעֶן דעֶם באַראָבאַקי (גיט איהם אשטויס, ער פאלט צו דער ערד־מען נעהמט דערווייל צו יוסף׳ן) נו באַראָבאַקי ווי געֶפֿעֶלט דיר אַ בן יעקב?

**אליחלף:** אַלעֶ רעֶספּעֶקט פֿאַר אַ בן יעקב! אוי מיין פּוס! — ווייסט איהר וואָס איך וועל אייך זאָגעֶן? איהר זאָגט דאָך אַז דער קנעֶכט האָט זיך געֶגעֶן אייך פֿערזינדיגט? וואָס טויג אייך אַזאַ קנעֶכט, פֿערקויפֿט איהם בעֶסעֶר מיר, איהר האָט מיר שוין צובראָכעֶן מיין פּוס לאָזט מיך אַמוועֶניגסטעֶנס, ביי אייך עֶפּעֶס פֿערדינעֶן. אוי מיין פּוס!

**שמעון:** 20 זילבער גיעב אַהעֶר און דער קנעֶכט איז דיינעֶר.

**אליחלף:** 20 זילבעֶר? (צו די מדינים) וועֶר האָט פֿון אייך 20 זילבעֶר?

**איינער:** איך האָב (ער גיעט שמעון׳ן און נעהמט יוסף)

**יוסף:** ברידעֶר?

**שמעון:** שווייג!

**אליחלף:** וואָס רופֿט עֶר אייך ברידעֶר?

**שמעון:** בעֶרוהיגט אייך! היינט רופֿט עֶר אונז ברידעֶר און מאָרגעֶן וועֶט עֶר אייך רופֿעֶן ברידעֶר. קומט מיינעֶ ברידעֶר (זיי אב)

**יוסף:** (וויינט) ברידעֶר מיינעֶ!

**אליחלף:** עֶס מאַכט ניט אויס אַזעֶלכעֶ ברידעֶר ויעֶסטו איבעֶראַל געֶפֿינעֶן. (זיי פיהרען איהם גנב, ראובן קומט אן שטילער הייד צום גרוב)

**ראובן:** איצט איז די בעֶסטעֶ צייט איהם צו רעֶטעֶן און צום פֿאָטעֶר איהם צו ברענגעֶן. יוסף! יוסף! איך בין עֶס דיין ברודעֶר ראובן איך וויל דיך רעֶטעֶן, יוסף רוף דיך אָב! אָ עֶר שווייגט!

פילייכט האט איהם דער שרעק געטיידט? יוסף מיין ברודער! אָ גאָט
גיעב מיר קראפט איהם צו רעטען (שפרינגט אריין ער שרייט יוסף, יוסף!

(די ברידער קומען אן)

**שמעון:** קומט ברידער, עס איז שוין צייט אהיים צו געהן הא!
ווער שרייט עס? ראובן? וואָס שרייסטו, ווער האָט דיך
אריינגעוואָרפען? (זיי שלעפען איהם ארויס)

**ראובן:** וואו איז יוסף? יוסף וואו איז?... וואָס שווייגט איהר פאר
וואָס ענטפערט איהר ניט?

**יהודה:** שא ליארם ניט אזוי! מיר האָבען איהם צו די מדינים
פערקויפט!

**ראובן:** אזוי קאלטבלוטיג זאָגסטו מיר יהודה אַ אייגענעם ברודער
פערקויפט? אָה ברידער מיינע וואָס האָט איהר געטהון?
וואָס וועל איך יעצט דעם פאָטער ענטפערן ווען ער וועט מיך
פרעגען אויף איהם?

**שמעון:** די זעלבע אנטוואָרט ווי ער וואָלט אין גרוב געוועזען.

**ראובן:** אָ שמעון, און ביי דיר איז אלץ איינס זאָגאר איין אייגענעם
ברודער צו ערמאָרדען? אָ יוסף יוסף מיין ברודער! וואָס
וועל איך דעם פאָטער ענטפערען ווען ער וועט מיך פרעגען אויף
דיר? איך בין דאָך מעהר פעראנטוואָרטליך (וויינט)

**יהודה:** וואָס קומט ארויס פון דיין ליארמען? מיר מוזען איצט
קלעהרען אַ פלאן וואָס זאָלען מיר דעם פאָטער ענטפערען
ווען ער וועט אונז פרעגען אויף איהם

**ראובן:** מאַכט אייך אייערע פלענער אָהן מיר! יוסף ווי וועל איך
קענען קומען צום פאָטער אָהן דיר?

**לוי:** הערט מיך אויס ברידער! אזוי ווי זיין זיידען העמדעל איז
אונז צוריק געבליבען, איז מיין ראטה אז מיר זאָלען קוילען
אַ ציגעלע און דאָס העמדעל איינטינקען אין דעם בלוט און צום
פאָטער עס ברענגען, דער פאָטער וועט עס אנערקענען אלס יוסף'ס
און ער וועט גלויבען אז אַ ווילדע חיה האָט איהם צוריסען.

**יהודה:** דער פלאן איז פאָרטרעפליך! נור הערט מיך אויס מיינע
ברידער בעפאָר מיר געהען צום פאָטער, מוזען מיר דאָס
געהיימניס מיט איין שבועה צודעקען. מיר נעהמען זאָגאר הימעל
און ערד פאר עדות און דו ראובן מוזט אויך מיט אונז שווערען.

**אלע:** זייט איהר עדות הימעל און ערד
ווי מיר אלע שווערען הערט, אָה הערט
מיר שווערען, מיר שווערען, (פאלען אויף די קניע)
הייליג צו האַלטען דיזע שבועה
אלע הערט אלע שווערט אויף דעם אָרט

יהודה: ניט פֿערראַטען מיט איין וואָרט (כאר בים)
אלע: הערט אַלע שווערט דאָס געהיימניס צו בעהאַלטען
יהודה: ניט פֿערראַטען מיט איין וואָרט
אלע: מיר שווערען אויף דעם אָרט (בים)

פארהאנג פאלט.

---

# צווייטער אקט.

(ביי יעקב'ן אין הויז, יעקב, בנימין סרח, כאר, נאכדעם די קינדער)

מעדכען כאר: מיר לויבען גאָט פֿון גרוים ביז קליין
דיך צו דינען איז דאָך זעהר שעהן
נור דיך צו דינען, יאַ נור דיך אַליין
יאַ יאַ יאַ נור דיך אַליין

יעקב: דו ביסט אונזער הערשער דער שעפּפֿער דער וועלט
נור דו קענסט העלפֿען ווער נור דיר געפֿעלט
הער צו גאָט דיינע טרייע קנעכט
היט אונז אָב פֿון לייד

מעדכען: מיר לויבען גאָט א. ז. וו.

יעקב: בנימין מיין קינד, ווילסטו געהן זעהן צו דיינע ברידער זענען שוין געקומען פֿון פֿעלד?

בנימין: זעהר גערן ליעבער פֿאָטער! (אב)

יעקב: אַך ווי שרעקט מיר היינט מיין הערץ! ווייסטו ניט ליעבער סרח, וואָס איז מיט די קינדער געשעהן, וואָס זיי זענען נאָך פֿון פֿעלד ניט געקומען?

סרח: זיי נישט אַזוי בעזאָרגט ליעבער פֿאָטער! זיי וועלען געוויס באַלד קומען.

יעקב: אַך גאָט! איך האָב מיין טרייען זוהן אַוועק-געשיקט צו זיי און מיר שרעקט מיין הערץ פֿאַר וואָס ער זאָמט זיך אַזוי לאַנג.

סרח: ווייסטו דען נישט ליעבער פֿאָטער וואָס פֿאַר איין גע-הארכזאַמעס קינד יוסף איז? ער וועט דיר געוויס באַלד גוטע נאַכריכטען ברענגען פֿון דיינע קינדער.

יעקב: אָה מיין הערץ פֿיהלט עטוואָס שרעקליכעס וואָס מיין טייערער יוסף איז נאָך פֿון פֿעלד ניט געקומען.

סרח: זיי נישט בעזאָרגט ליעבער פֿאָטער, זינג בעסער דאָס וואָס דו לערנסט אונז אַלעמאָל

**יעקב:** יאָ מײַן טײַער קינד, איך װעל אײַך זינגען דאָס הײליגע ליעד, אָבער איהר זאָלט ניט פערגעסען װאָס אײַער פאָטער לערנט אײַך.

**סרה:** זעהר גערן ליעבער פאָטער! זינג דאָס הײליגע ליעד.

**יעקב:** (זינגט) געה בעפעהלט גאָט די זעעלע
װען ער שיקט זי אויף דער װעלט אראָב
געה זאָגט ער איהר מיט פריידע
דאָרט װאַרט װען איך נעהם דיך אָב.
און װען דיר װעט שלעכט זײַן דאָרט
פערצװײפעל ניט מײַן קינד
געדענק נאָר גוט דאָס װאָרט
װאָס איך גיעב דיר מיט אצונד
אל רחום, אל רחום איז מײַן נאָמען
פערגעס דאָס ניט } בּיס

(עס קומט אריין בנימין)

**בנימין:** פאָטער! פאָטער! מײַנע ליעבע ברידער קומען!

**יעקב:** זײַ געבענשט פון גאָט מײַן טײַערער בנימין! געהען זײַ אַלע?

**בנימין:** דאָ געהען זײַ (די ברידער ערשיינען)

**אלע:** פריעדען צו דיר, ליעבער פאָטער!

**יעקב:** פריעדען צו אײַך מײַנע ליעבע קינדער, זענט איהר אַלע דאָ?... װאָס שװײַגט איהר?... זענט איהר אַלע דאָ?... קײנער װיל מיר ניט ענטפערן? ראובן, שמעון, לוי, יהודה, יששכר, זבולון, דן, נפתלי, גד, אשר.— יוסף? װאו איז יוסף? װאָס שװײַגט איהר?
פאַר װאָס ענטפערט איהר מיר ניט? װאו איז יוסף?

**יהודה:** יוסף'ן האָבען מיר הײַנט ניט געזעהן.

**יעקב:** ניט געזעהן זאָגט איהר? איך האָב דאָך איהם צו אײַך געשיקט און איהר זאָגט איהר האָט איהם ניט געזעהן, װי אַזױ איז דאָס מעגליך?

**יהודה:** נײַן פאָטער, מיר האָבען איהם ניט געזעהן, נור...

**יעקב:** װאָס נור?...

**יהודה:** אַ הײם־געהענדיג האָבען מיר געפונען דאָס (ער װײזט דאָס העמדעל אין בלוט. יעקב לאזט ארויס אמיראַ'דיגען געשריי)

**יעקב:** געזונד און פריש האָב איך איהם צו אײַך אַװעק־געשיקט און װאָס איז געבליעבען פון מײַן ציטריגען ליעבען יוסף? גרױסער גאָט! פאַר װאָס האָסטו מיך ניט גענומען צו זיך, אײדער איך זאָל דאָס דערלעבען בײַ מײַנע אַלטע יאָהרען, אַ װילדע חיה האָט מײַן קינדם בײַנדעלעך פערצעהרט! אָה אָה יוסף! יוסף! איך

בין שולדיג אין דיין יונגען טוידט, דאַמיט וואָס איך האָב דיך געשיקט אין אַזאַ געפֿערליכען וועג. רחל, מיין טייערע! שטעה אויף פֿון דיין קבר, זעה וואָס ס'איז געבליעבען פֿון דיין זוהן! ווי פֿיעל יאָהרען לאַנג האָסטו גאָט געבעטען ביז דו האָסט אויסגעוויינט דעם ציטריגען יוסף און אַם ענדע האָבען זיך די ווילדע חיות פֿון די וועלדער מיט זיין פֿלייש געזעטיגט. אָ יוסף ביז אין מיין טוידט וועל איך ניט אויפֿהערען צו קלאָגען נאָך דיר!

**אלע:** (זינגען) הער אונז צו פֿאַטער, וויין ניט קלאָג ניט אַזוי טרייסט דיך פֿאָטער, מיט אונז. (בים)

**יעקב:** דאָרט לויפֿט אַ קינד אויף אַלע וועגען
זיינע ברידער אויפֿזוכען האָט ער געוואָלט
אַ בייזע חיה קומט איהם ענטקעגען
צורייסט זיין פֿלייש, פֿערצעהרט איהם באַלד
און אין די געדערמע פֿון אַ חיה וואָס דאָרט זיך געפֿינט
דאָרט איז מיין קינד, דאָרט איז מיין קינד.
זאָ אַ אומגליק איז נאָך קיינעם
ניט געשעהן אַזוי ווי מיך
געטראָפֿען האָט עס נור מיך איינעם
וואָס שווייגט איהר, טרעהרען גיסט אָהן אַ שיעור
טרויערט גלייך מיט מיר אַ צינד
בעוויינט מיין קינד בעקלאָגט מיין קינד.

**אלע:** טרייסט זיך פֿאַטער מיט אונז... א. ז. וו.

**יעקב:** לאָזט מיך, לאָזט מיך צו איהם געשווינד
צו מיין ליעב קינד, צו מיין קינד...

(ער פאלט אין אהנמאכט, אלע ארום איהם)

## פארהאנג פאלט. פערוואנדלונג.

(א שעהן צימער ביי זליכה. זי שטעהט און פוצט זיך)

**זליכה:** יעצט בין איך אַ שעהנהייט! שענער קען שוין ניט זיין. נור ניין, נאָך עטוואָס רויטע אויף די באַקען און אויף די ליפּען און גענוג... יעצט בין איך אַזוי שעהן אַז איך בין קיין מאָל ניט אַזוי שעהן געוועזען. און יעצט וויל איך זעהן צו וועל איך איהם היינט אויך ניט געפֿעלען? אַך זייט מיין פּוטיפֿר האָט אַריינגענומען דעם אידישען קנעכט יוסף, לעב איך גאָר ניט! וואו איך געה און וואו איך שטעה שוועבט זיין שעהנעם געזיכט פֿאַר מיינע אויגען. אָבער ער וויל מיך גאָר ניט קענען. איך פֿערשטעה ניט. בין איך דען נישט גענוג שעהן איהם צו געפֿעלען? יאָ היינט מוז איך מיט איהם מאַכען די לעצטע פּראָבע! איך מוז איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל וויסען וואָס ער דענקט פֿון מיר? איצט איז

די בעסטע צייט! מיין מאן איז ניטא אין דער היים, איז די בעסטע צייט זיך מיט איהם צו אונטער=האלטען. (רופט) יוסף, יוסף!

**יוסף:** (קומט אריין) וואס ווינשט איהר מיינע הערין?

**זליכה:** וואס איך ווינש? דיין שעהנעם געזיכט צו זעהן איז שוין גענוג פאר מיר... נעהם ליעבער יוסף אשטוהל און שטעל זי דא אהער, נור איינס נעבען צווייטען (געשיהט) יעצט ליעבער יוסף ברענג מיר אריין דעם פריהשטיק.

**יוסף:** זעהר שעהן. (וויל געהן)

**זליכה:** יוסף!

**יוסף:** וואס ווינשט איהר נאך?

**זליכה:** שטעה... מען ברויך נישט! איך וויל ניט עסען... איך האב נאך קיין אפעטיט, איך וועל שפעטער עסען.

**יוסף:** זעהר שען, (וויל געבען)

**זליכה:** פאר וואס אנטלויפסטו פון מיר ליעבער יוסף? איז דען דיר נישט אנגענעהם מיט מיר צוזאמען צו זיין? און פאר וואס ביזטו אזוי טרויעריג, ליעבער יוסף?

**יוסף:** האט איהר מיך דען ווען עס איז פרעהליכער געזעהן?

**זליכה:** (אפארט) אך ווי שעהן זענען זיינע ווערטער וואס זיינע ליפען רעדען ארוים האסטו שוין געפריהשטיקט, ליעבער יוסף?.

**יוסף:** יא, הערין!

**זליכה:** ווילסטו פיעללייכט טרינקען מיט מיר אביסעל ווין?

**יוסף:** (אפארט) וואס וויל זי פון מיר?

**זליכה:** אה ווי שען זענען דיינע לאקען! נעהם און ברענג זיי אין ארדנונג.

**יוסף:** איך בעקימערע מיך זעהר ווייניג אום מיינע האר, איך שטרעב נור דאס מיין ארבייט זאל אלעמאל זיין אין דער בעסטען ארדנונג

**זליכה:** אך ווי שעהן זענען דיינע ליכטיגע אויגען, ליעבער יוסף!

**יוסף:** אבער ווי העסליך זענען די אויגען ווען זיי קוקען וואוהין מען דארף ניט.

**זליכה:** ווי עדעל ווי צארט דיין גאנצער קערפער איז

**יוסף:** איך קען קיין אונטערשיעד פון קערפער און ערד, איך גיעב מיר נור די מיהע דאס מיין נשמה זאל זיין ריין.

**זליכה:** האב איך עס דען פערדיענט דו זאלסט מיר אזוי ענטפערען?

**יוסף:** פערצייהעט הערשערין (וויל געהן)

**זליכה:** וואוהין געהסטו ליעבער יוסף?

**יוסף:** צוריק צו מיין ארבייט

**זליכה:** דאָ בלייב! זעץ דיך!

**יוסף:** (אפּארט) גאָט אין הימעל ווי ווערט מען לויז פון דער שלאַק?!

**זליכה:** אָ יוסף נאָך פיהלסטו נישט ווי ליעב איך האָב דיך? אָ נײן איך קען עס לענגער נישט אויסהאַלטען אָה יוסף נאָך פיהלסטו ניט וואָס איך פערלאַנג פון דיר?

**יוסף:** וואָס קענען זי פערלאַנגען פון אַ אָרעמען שקלאַפּע?

**זליכה:** (אומארמט איהם) ליעבע! ליעבע פערלאַנג איך! איך בין שוין משוגע, איך קען עס שוין לענגער ניט אויסהאַלטען (ער רייסט זיך) נײן יוסף, איך לאָז דיך ניט אָב פון מיר!

**יוסף:** אָה מײן פאָטער! לאָזט מיך צו מײן פאָטער (רייסט זיך ארויס איבערלאזענדיג זיין מאנטעל).

**זליכה:** וואָס טהוט זיך דאָ מיט מיר? וואו בין איך? ער האָט זיך אַרוים געריסען פון מײנע העגד? ער האָט מיר איבער־געלאָזען זײן מאַנטעל, און מיך איבערגעלאָזט אַלײן? אָ איך אומ־גליקליכע! אָבער נײן! דאָס זאָל איהם ניט פערשוויעגען ווערען! ער דער שענדליכער שקלאַפּע האָט מיך אַוועק געשטויסען? מיך זײן הערין אויסגעלאַכט? אָ נײן! דאָס זאָל איהם ניט געשענקט ווערען! דאָס זאָל איהם זײן לעבען קאָסטען! געהאַנגען זאָל ער ווערען דער שענדליכער! הילפע! דיענער! (דיענער ערשיינען)

**דיענער:** וואָס איז געשעהן?

**זליכה:** וואָס איז געשעהן פרעגט איהר? שוין אַ לאַנגע צײט דאָס איך רוף אום הילפע און איהר האָט זיך קוים דערמאָנט צו קומען.

**דיענער:** מיר שווערען בײ גאָט דאָס מיר האָבען ניט געהערט!

**זליכה:** ניט געהערט זאָגט איהר? ווײל איהר זענט ניט בעסער פון דעם מערדער וועלכער האָט מיר געוואָלט מײן לעבען נעהמען!

**דיענער:** מערדער? ווער האָט עס געוואַגט?

**זליכה:** ווער עס האָט געוואַגט פרעגט איהר? זעהט! ערקענט איהר וועמענס מאַנטעל דאָס איז?

**איינער:** אָ גאָט דער מאַנטעל איז דאָך אונזער הויזפערוואַלטערס

**זליכה:** יאַ, צום דאַנק דאַפיר וואָס איך האָב איהם ערהויבען איבער אַלע שקלאַפען האָט ער געוואַגט צו הויבען זײן האַנד אויף זײן הערין!

**אלע:** וואָס הערען מיר?

**זליכה:** איך בין מיר אַלײן געזעסען אין מײן צימער איז ער אַרײנ־געקומען דער שענדליכער, און האָט זיך נעבען מיר געזעצט און אין ליעבע ערקלערט און האָט מיך זײן הערין געוואָלט

שענדען, מיט אַלע מײַנע קרעפטען האָב איך מיך געװעהרט געגען איהם. איך האָב געשריען הילפע! אָבער איהר זענט אַלע װי אײנגעשלאָפען, ענדליך איז מיר געלונגען איהם אַלײן בײַ צוקומען און װי איך האָב איהם געפּאַקט בײַ זײַן מאַנטעל און געהאַלטען האָט ער זיך אַרויסגעריסען און אַנטלאָפען און זײַן מאַנטעל איז בײַ מיר געבליבען.

**אלע:** יאָגט איהם נאָך! געהאַנגען זאָל ער װערען! (אב)

**זליכה:** װאָס? יוסף'ן הענגען? װי װעל איך עס קענען איבערלעבען? איך ליעב דאָך איהם? זײַן טױדט איז דאָך אױך מײַנער!... װאָס רעד איך? עס קען נאָך אַמאָל דער אָמת אַרױסקומען און דאַן װאָס װעט מײַן פּוטיפר און די װעלט זאָגען? דאַן זליכה ביזטו פערלאָרען אױף אײביג!... אָבער נײן! קײן מוטה ניט פערליערען! אין געפענגניס מוז ער צוערשט געהן! דאָרט װעט ער צײַט האָבען זיך צו בעדענקען, אַז עס איז בעסער געליעבט צו װערען פון זליכה'ן װי צו זיצען אין נאַסען קערקער און קײטען געשלאָסען! (מען ברענגט אריין יוסף'ן געבונדען)

**באר:** נעהמט שױן קינדער, נעהמט שױן געשװינדער
דעם פערברעכער אין די הענד
זאָל ער פיהלען אין דעם גרוב דעם קיהלען
פון דעם קערקער די נאַסע װענד
זײַן הערצין האָט ער שענדען געװאָלט
יאָ נעהמט איהם, בינדט איהם אין קײטען שליסט איהם
און פיהרט איהם אין נאַסען קעלער באַלד
זײַן פערדינטע שטראָף דאַרף זײַן אַשרעק.
נעהמט שױן קינדער, נעהמט געשװינדער
פיהרט איהם אַװעק אַװעק.

**יוסף:** גנאַדע, מיטלײַד, הערט מיך ערשט אױס
הערט מיך ערשט אױס.
אַך גאָט װאָס האָב איך דערלעבט
װען איהר װאָלט װיסען פון װעמען איך קום אַרױס
װאָלט איהר אױף מיר דאָס ניט געגלױבט
דאָרט בין איך בײַ מײַן פאָטער יעקב ערצױגען
אױף גאָלד און זילבער בין איך געװאַגען
בײַ מײַן פאָטער אין דאָס לאַנד כנען
און דאָ בין איך אַשקלאַף געװען.

**באר:** נעהמט שױן קינדער... א. ז. װ.

פארהאנג פאלט

---

# דריטער אקט.

(קערקער, יוסף זיננט).

**יוסף:** פון אלע געשעפפע
פון גרויס ביז קליין
וואס גאט האט בעשאפען
צו וואסער און לאנד,
איז דאס שעהנסטע און בעסטע
דער מענש נור אליין
וואס הערשט אויף דער וועלט
מיט זיין פערשטאנד.
איך פרעג אבער צו וועלכען צוועק
האט איהם גאט דאס געגעבען
אז ביטער פלאגען גאר אהן א'נעק
מוז ער זיך זיין גאנץ לעבען.
ערשט געבוירען און באלד פערלוירען
צרות און לייד'ען אהן אשיעור
אזוי פערגעהען זיינע יונגע יאהרען
פאר וואס האסטו איהם בעשאפען גאר
פאר וואס? פאר וואס?!!

**(פראזע):** פאר וואס? ווייל אזוי וויל ער, ער דער בעשעפער דער וועלט. צוועלף לאנגע יאהר אז איך ליעג דא פערשפארט אין דעם פינסטערן נאסען קערקער, צוועלף אונגעהייערע יאהר אז מיינע אויגען האבען די ליכטיגע שיין ניט געזעהן, צוועלף אונענדליכע יאהר איז שוין פאראיבער אז מיין שוואכער קערפער ליידט אזוי פיעל. צוועלף אונענדליכע יאהר אז איך האב מיין טייערען פאטער ניט געזעהן. א פאטער הערצליכער פאטער! פון דיינע אויגען רינען געוויס הייסע טרעהרען נאך דיין קינד, דו דערבענסט געוויס אז א ווילדע חיה האט מיך אוועק־גערויבט פון דיר. א פאטער טהייערער פאטער! ווי גערן וואלט איך דיך נאך א מאל געזעהן! א ברידער מיינע! ווי שטארק איהר האט זיך פערזינדיגט געגען מיר! נור איך פערצייהע אייך, איך פערצייהע אייך פון טיעפען הערצען. קומט ברידער בעפרייט מיך פון פינסטערען גרוב! פיהרט מיך צו מיין פאטער לאזען מיינע אויגען איין איינציגען בליק אויף איהם געבען. איין איינציגעס מאל ביי

מיינע יונגע יאָהרען. קום אַהער זליבה מיט דיין זינדיגע ליעבע און זעה ווי דו האָסט היין נקמה אויסגעפיהרט. אָה איך בין שוואך עס מאַטערט מיך דער שלאָף, שיק מיר גאָט דיינע זיסע טרוימע נור זיי קענען מיר ווייזען מיין טוידטע מוטער. דו ליעבער טרוים ווייז מיר מיין אַלטען פאָטער! דען נור זיין בילד גיט מיר קראַפט די ליידען איבער-צו-טראָגען, העלף מיר גרויסער גאָט איך זאָל איינשלאָפען! איך בין מיעד קראַנק צו בראָכען! מיינע קרעפטען פערלאָזען מיך, איין קאַלטעס וועטער דרינגט דורך אַלע מיינע גליעדער. אָ איך קען שוין מעהר ניט אויסהאַלטען. מיינע שמערצען זענען אָהן אַ גרענעץ, דאָ פיהל איך וועל איך מיינע יונגע יאָהרען ענדיגען. דאָ וועט מיר הער זיסער שלאָף מיינע אויגען אויף אימער צו מאַכען, בלייב געזונד ליעבער פאָטער, בלייב געזונד (שלאפט איין

עס צייגט זיך א טאבלא רחל מיט ענגלען זינגען):

**ענגעל:** פערצווייפעל ניט מענש ווען דיר געהט שלעכט
האָף נאָך ליעבעס קינד אַלעס קומט מיט דער צייט.

**רחל:** יוסף, יוסף מיין טייערער קינד, געליטען האָסטו שוין אַזוי פיעל און ליידען וועסטו ניט מעהר.

**באר:** איין ענדע צו דיינע ליידען שוין
דיין שטערען שיינט שיין וויעדער.

**רחל:** און אויסלעשען וועט ער קיינמאָל, קיינמאָל ניט מעהר.

**יוסף:** מוטער מוטער העלף דיין קינד געליטען האָב איך שוין אַזוי פיעל

**באר:** אין גאָט פערטרויע ער איז גערעכט
האָף נאָך ליעבעס קינד אַלעס קומט מיט דער צייט

**רחל:** (פראזא) הער מיך אוים מיין קינד יוסף! שווער איז דעם מענשען זיינע יאָהרען אָבצולעבען און דאַביי זיך ניט צו בעקלאָגען און דאַביי נאָך מענש צו בלייבען! אַלזאָ מיין קינד הער אויס די ווערטער וואָס דיין מוטער זאָגט דיר דאָס לעצטע מאָל. זיי וויסען מיין קינד אַז פון יעצט אָן פאַנגט אָן דיין גליקס שטערען צו שיינען, וויים, זעהר וויים וועט ער זיינע שטראַהלען צו שיקען, דיין נאָמען וועט זיך הערען פון איין עק וועלט ביז צו דער אַנדערער. גאַנץ פול וועט זיין דער בעכער וואָס דאָס גליק וועט דיר געבען אויסצוטרינקען פון דעם קלענסטען ביז דעם גרעסטען וועלען יעדער קושען דאָס שטויב פון דיינע פים. אָבער נעהם דיר אין אַכט מיין קינד. וואָס דיין מוטער זאָגט דיר אַצינד: קריך אוים די ווערטער אויף דיין הערץ. זאָלסט ניט פערגעסען אַז דו ביזט אַ שטערבליכער קערפער גלייך מיט אַלע; אָהנע אויס-נאַהמע זענען יעדען מענטשען זיינע טעג צו געצעהלט, אַלזאָ מיין

קינד זאָלסטו זעהן אַז דײַן זעעלע זאָל ניט בעפלעקט װערען. אַז
װען דער בעשעפער װעט זי פון דיר פערלאַנגען, זאָלסטו זי איהם
געבען זאָ ריין, זאָ שעהן װי דו האָסט זי פון איהם עמפּפאַנגען.
מעהר האָט דײַן טרײַע מוטער דיר ניט צו זאָגען, לעבע װאָהל
מײַן קינד יוסף, לעבע װאָהל! (זינגט)
געה בעפעהלט גאָט די זעעלע א. ז. װ. (אב)

**יוסף:** (אויפוואכענד) מוטער, מוטער! אַך װי שעהן װאַר דער טרוים. אָבער װי גיך איז ער פערשװאונדען. אָשוין װידער קומען מײַנע פײַנינגער צו מיר! קומט מאַכט אַ ענדע צו מײַן ביטער לעבען! (אויפטריט מרד מיט די שלעסער)

**מרד:** יוסף דער העברעער פּוטיפר'ס געװעזענער שקלאַפע!

**שליסער:** דאָ איז ער (אב)

**מרד:** יוסף, דערקענסטו נישט דײַן פרײַנד מרד?

**יוסף:** איך געדענק נישט נור עס קלינגט מיר דער נאָמען

**מרד:** עס איז קײן װאונדער בײַ זאָלכע מאַרטירען דאָס געדעכטניס צו פערליערען, יוסף מײַן פרײַנד! קענסטו זיך ערינערען דאָס צוריק מיט 2 יאָהר בין איך מיט מײַן קאַמעראַד אין דעם זעלבען קערקער געזעסען.

**יוסף:** אַ יאָ איך ערינערע מיך שוין!

**מרד:** קענסט זיך אויך ערינערען דאָס אין אײן טאָג ביזטו צו אונז געקומען און האָסט אונז געפרעגט װאָס מיר זעהן זאָ שלעכט אויס? האָבען מיר דיר געזאָגט דאָס אונז בײדע האָט גע-טרוימט אײן עהנליכער טרוים, מיר האָבען דיר אונזערע טרוימע געלאָזט הערען און דו האָסט זײ אונז פותר געװען, און עס איז אויך געװען זאָ װי דו האָסט אונז געזאָגט, איך בין צוריק אויף מײַן שטעלע גע-קומען און מײַן קאַמעראַד האָט מאַן אויפגעהאָנגען. יעצט ליעבער יוסף זײַ װײסען, אַז דעם קעניג פרעה האָט געחלומט אַ מערקװירדיגער חלום און קײנער איז אימשטאַנדע דעם חלום ריכטיג פותר צו זײַן אין דער צײַט האָב איך זיך ערינערט אָן דיר ליעבער יוסף, איך האָב דעם קעניג געלאָזט הערען װעגען דיר און דער קעניג האָט בעפאָהלען דיך צו איהם צו ברענגען. אַלזאָ ליעבער יוסף קום מיט מיר איך װעל דיך אומװאַשען אומקליידען און צום קעניג פיהרען.

**יוסף:** הײליגער גײַסט פון מײַן מוטער! בעגלײַט מיך אויף דעם װעג צום קעניג! לערן מײַנע ליפּען דעם קעניג די רײנע װאַרהײַט צו זאָגען! הײליגער גײַסט פון מײַן מוטער!

פארהאנג פאלט.

## פערוואנדלונג.

(ביים קעניג פרעה, איין קעניגליכער זאל)

**כאר:** געטער שטיצט מיט אייער רעכטער האַנד
אונזער קעניג און אונזער לאַנד
שטענדיג זיינע פריינד קריעגען איבעראַל (ביס)

(מען מעלדעט אן יוסף׳ן. ער קומט)

**פרעה:** ביזט דו דער העברעער יוסף וואָס דו ביזט אימשטאַנד אַ חלום פותר צו זיין?

**יוסף:** אָהן די הילף פון מיין גאָט בין איך צו קיין זאַך ניט פעהיג!

**פרעה:** מען האָט מיר זעהר פיעל וואונדער ערצעהלט, און דאַפיר האָב איך דיך נעלאָזט רופען דו זאָלסט מיר מיינע חלומות פותר זיין.

**יוסף:** זאָל מיר דער קעניג זיינע חלומות ערצעהלען און וואָס גאָט וועט מיר אין מיין מונד שיקען וועל איך דעם קעניג זאָגען.

**פרעה:** מיר האָט געטרוימט דאָס איך שטעה ביים טייך נילוס און זעה ווי פון דאָרט זענען אַרויס זיעבען פעטע קיה זעהר שעהן צום אַנזעהן. נאַכהער זענען אַרויס זיעבען מאָגערע קיה זעהר מיאוס אין אַנזעהען. די זיעבען מאָגערע קיה האָבען פער־שלונגען די זיעבען פעטע — און זענען געבליעבען אַזוי מאָגער און מיאוס ווי פריהער. נאָך דיזען חלום האָב איך ערוואַכט און בין ווידער איינגעשלאָפען, האָט מיר ווידער געטרוימט דאָס איך שטעה ווידער ביים טייך נילוס און פון דאָרטען זענען אַרויס זיעבען פעטע זאַנגען זעהר שעהן צום אַנזעהן, נאַכהער זענען אַרויס זיעבען מאָגערע און מיאוסע זאַנגען און איך דאָ האָבען די זיעבען מאָגערע זאַנגען פער־שלונגען די זיעבען פעטע און זענען געבליעבען אַזוי מאָגער ווי געוועזען. דאָס זענען מיינע ביידע חלומות וואָס איך האָב געזעהן אין איין נאַכט. די קלוגסטע און געלערנטסטע שטערען־זעהער פון מיין לאַנד האָב איך גערופען און יעדער האָט מיר מיינע חלומות אַנדערש פותר געוועזען. אָבער איך בין פון קיין איינציגען ניט צו־פריעדען, איצט ביזט דו נאָך דער לעצטער דו זאָלסט מיר מיינע חלומות פותר זיין. אָבער הער מיך אוים! דו ביזט אַ העבּרעער, דו וואַגסט אין מיין געגענוואַרט פון דיין גאָט צו רעדען, דו זאָגסט וואָס ער וועט דיר אין דיין מונד שיקען דאָס וועסטו דיין קעניג זאָגען, איך בין ווירקליך נייגעריג צו הערען. אָבער איידער דו פאַנגסט אָן בעהם זיך אין אַכט! וועל איך פון דיין מיינונג צופריעדען זיין זאָ זאָלסטו בעלאָהנט ווערען ווי דער קעניג פון עגיפטען קען בעלאָהנען. פאַלס אָבער נישט, זאָ זאָלסטו אויף דער שטעלע געטויטעט ווערען! איצט רעד!

**יוסף:** אויף מײַן גאָט בין איך ניט אומזיסט שטאָלץ! דען קײן זאַך אויף דער וועלט געשיהט ניט ביז ער זאָל פריהער ניט האָבען בעשטימט. דײַנע בײדע חלומות קעניג, זענען נור אײן חלום און אײן ווינק אויף די צוקונפט פיר דאָס לאַנד עגיפטען. די 7 פעטע קיה אָדער די 7 פעטע זאַנגען בעדײַטען 7 יאָהר. די 7 מאָגערע קיה אָדער די 7 מאָגערע זאַנגען בעדײַטען ווידער אום אַנדערע 7 יאָהר. אין אַ זעהר גיכער צײַט וועט זיך אָנפאַנגען אין דײַן גאַנצעם לאַנד עגיפּעט 7 פעטע יאָהר. אין דײַן לאַנד וועט זײַן אַזאַ זעטיגקײט דאָס זײַט דײַן לאַנד עקזיסטירט איז נאָך אַזוי ניט געווען. באַלד דאַרויף נאָך די 7 יאָהר וועט זיך אָנפאַנגען הונגער יאָהרען וועלכע וועט דויערן ווידער 7 יאָהר. אין דאָס לאַנד וועט ווערען אַזאַ הונגער, דאָס די 7 פעטע יאָהר וועלען מוזען אין גאַנצען פער־געסען ווערען. עס וועט זײַן אַזאַ הונגער דאָס זײַט דײַן לאַנד עקזיסטירט איז נאָך אַזאַ הונגער ניט געווען. און עס איז דיר 2 מאָל נעצײַגט געוואָרען דער צײַכען דען עס וועט געשעהן אין אַ זעהר שנעללע צײַט און דער גאָט וואָס דו ביזט אַזוי נײַגעריג צו הערען און וויסען פון איהם האָט דיר געשיקט אָנזאָגען אַז דו זאָלסט זיך פאָרבערײַטען פון די 7 פעטע יאָהר אויף די 7 הונגער יאָהר, דאָס דײַן לאַנד עגיפּטען זאָל דורך דעם הונגער ניט צו גרונדע געהען.

**פרעה:** יוסף מײַן פרײַנד טרעט צו נעהנטער! איך בין איבערצײַגט דאָס דו האָסט די רײַנע וואַרהײַט געזאָגט דען די זעלבע דײַטונג האָב איך אויך אין מײַן חלום געלעזען. יאָ די גרויסקײַט פון דײַן גאָט אַנ׳ערקענע איך איצט און איך דאַנק און לויב איהם דאָס ער האָט דיך מיר צוגעשיקט אויף מײַן עלטער, אַ שטיצע צו זײַן. דען אַזאַ קלוגען געלעהרטען מאַן ער זאָל בעזיצען גאָטעס גײַסט אין זיך דעם וועל איך ניכט פינדען און נור דו אַלײן פערדינסט מײַן שטעל פערטרעטער צו זײַן. (צו אלעמען) הערט מיך אוים! פון דיזען אויגענבליק ערקלער איך דעם העברעער יוסף וועלכען איך גיעב אַ נאָמען צפנת פענח אַלס הערשער איבער גאַנץ עגיפטען. זײַנע בע־פעהלע זאָלען רעגירען דאָס גאַנצע לאַנד, קײנער זאָל זיך ניט וואַגען דערווידער זײַן זײַן בעפעהל און ווער עס וועט ווידער שפעניגען געגען איהם דער האָט זיך געגען מיר, אײער קעניג, פערזינדיגט; קײן אונטער־שיעד זאָל זײַן צווישען מיר און איהם, אויסער דעם טראָהן אַלײן. איצט מאַכט אײך פאַרטיג צו דעם גרויסען פאַראַד וועלכען איך מאַך צוליעב דעם נײַעם וויצעקעניג, דאָס זאָל מיט דערזעלבען פראַכט גע־פײַערט ווערען ווי עס איז געפײַערט געוואָרען מײַן קראָהנונג (מען

טהוט אן יוסף׳ן קעניגליכע קלײדער עס קומט אן מיליטער אין באר פ ר ע ה זינגט:)

צום וויצע קעניג ביזטו ערנאַנט
נאָך דײַן בעפעהל צו רעגירען דאָס לאַנד

ווער דיין בעפעהל נור איבערטרעט
מוז אויף דער שטעל ווערען געטוירט
שווער מיר צו געטריי צו זיין.

**יוסף:** איך דאַנק דיר גרויסער הערשער
פאַר דיין גרויסע גנאַדע
אַך ווי גוט איז דיין הערץ (בּיס)
איך שווער דיר צו טריי צו זיין.

**פּרעה:** יוסף מיין פריינד, אַזוי איז רעכט
דו בלייבסט מיר טריי דו בלייבסט מיר טריי
יאָ טריי אויף עוויג

**יוסף און פּרעה:** אַ יאָ מיין קעניג, דו בלייבסט מיר טריי אויף עוויג
איך בלייב דיר טריי אויף עוויג
איך בלייב דיר טריי אויף עוויג

**כאָר:** האָך לעבע אונזער קעניג
האָך לעבע יוסף אונזער וויצעקעניג
האָך לעבען די העלדען פון אונזער לאַנד (בּיס)
האָך לעבע יוסף אונזער וויצעקעניג
און די העלדען פון אונזער לאַנד

(פּרעה בעגריסט יוסף'ן כאָר מאַרש ביז)

פאָרהאַנג פאַלט

---

# פיערטער אקט.

א שעהן צימער, מעדכען זינגען!

אוי אוי הונגעריג זענען מיר דאָך זעהר
אוי אוי אויסהאַלטען קענען מיר ניט מעהר אוי אוי אוי (בּיס)
עסען, עסען, עסען, עסען אוי מיר ווילען עסען.
עסען עסען עסען עסען,

**בנימין:** אַ שטיקעל ברויט אַזוי גרויס ווי דער פינגער
קען אונז דען שטילען דעם הונגער
פאַר וואָס גיעט מען אונז ניט אויך ווי אַמאָל
עפּעל, באַרען, טייטלען אָהן צאָהל

**כאָר:** אוי אוי הונגעריג א. ז. וו.

**בנימין:** שטילער זאָל זיין! זעה נור וואָס פאַר גוואַלדען זיי מאַכען,
דער פאָטער איז קראַנק און איהר לאָזט איהם ניט רוהען.

**קינד:** מיר ווילען אָבער עסען.

**בנימין:** שעמט אייך איהר עלטערע קינדער! אנשטאט איהר זאלט איינשטילען די קלענערע, מאכט איהר נאך דעם ליארם גרעסער.

**אלע:** מיר ווילען עסען!

**סרח:** ווי לאנג איז אז איך האב אייך פריהשטיק געגעבען?

**קינד:** אזוי! הערסט בנימין זי האט אונז געגעבען צו שטיקלאך ברויט מיר זענען נאכדעם ערשט הונגעריג געווארען.

**בנימין:** נו שאט! מאכט קיינע געוואלדען! האט איהר געהערט פון דעם גרויסען הונגער וואס הערשט איצט אויף דער וועלט? אנדערע האבען אפשר דאס אויך ניט. מיר האבען דאך וואס צו עסען איבערהויפט נאך ווען די ברידער ווילען צוריק-קומען פון עגיפטען וועלען מיר האבען זעהר פיעל צו עסען. געהט בעסער קינדער אין פעלד ארויין שפילען זיך און ווען איהר וועט דערזעהן אייערע פעטער זאלט איהר קומען מיר זאגען.

**אלע:** איך וועל זאגען.

**סרח:** וואס זאל עס בעדייטען ליעבער בנימין, וואס די ברידער זאמען זיך אזוי לאנג? איך רעכען אז זיי האבען שוין גע-זאלט זיין געקומען צוריק.

**בנימין:** פערגעס ניט ליעבער סרח, וואס דער פאטער האט זיי אנגעזאגט ווען זיי זענען געגאנגען נאך עגיפטען, אז יעדער פון זיי זאל ארויין-געהן דורך אבעזונדער טויער, פיליכט וועלען זיי אויסגעפינען אונזער פערלוירענעם ברודער יוסף.

**סרח:** גאט זאל מיר נאך העלפען אונזער ליעבען יוסף לעבעדיג צו זעהן!

**בנימין:** מיר דארפען די האפנונג ניט פערלירען ליבער סרח. דען דער ליעבער גאט האט געשווארען אז ביי זיין טרייען קנעכט יעקב זאל ער קיין קינד ביי זיין לעבען ניט צו-נעהמען און איך האף יעדען טאג מיין פערלארענעם ברודער ווידער צו זעהן!

**סרח:** א גאט! זאל אונזער ליעבער יוסף זיך ביי מערדער אין דר העגד זיך געפינען? מיר קענען אנדערש ניט דענקען נור אז ער איז צו מערדער אין די העגד אריינגעפאלען און זיי האבען איהם פאר א שקלאפען פערקויפט (יחצאל ערשיינט קינדער לויפען איהם נאך שרייענד).

**קינדער:** מיר א עפעל, מיר א עפעל!

**יחצאל:** חאפט ניט איך וועל אייך אליין געבען (קינדער זיי...)

**בנימין:** יחצאל ערצעהל מיר פאר וואס האט איהר זיך אזוי לאנג אויף דער רייזע געזאמט?

**יחצאל:** וואס ווייסטו בנימטשיקעל וואס עס איז געוויען? מיר האבען געהאט צו זינגען און צו זאגען, עס איז נאך

אַ גליק וואָס דו ביזט ניט מיט געווען, דען אַזאַ קינד ווי דו וואָלסט
פאַר שרעק אַליין געשטאָרבען.

בנימין: יחצאל ערצעהלע מיר שנעלער וואָס איז דאָרט געשעהן? זענט איהר אַלע צוריק געקומען?

יחצאל: געוויס אַלע נור איין שמעון פעהלט.

בנימין: שמעון פעהלט? ערצעהל געכער לעבט ער אָדער ער איז טויט?

יחצאל: ער איז ניט טויט, ער לעבט!

בנימין: ערצעהל גיכער, יחצאל וואו איז שמעון געבליבען?

יחצאל: ער איז געבליבען אין עגיפטען.

בנימין: שמעון צוריק געבליבען און עגיפטען? פאַר וואָס דען?

יחצאל: הער מיך אויס ס'איז אַזוי געווען אַזוי ווי מיר זענען אַריין נאָך עגיפטען האָבען מיר בעשלאָסען אַז מיר זאָלען אַריין נאָך עגיפטען.

בנימין: נו שוין ערצעהל!

יחצאל: הער זשע מיך אויס, עס איז אַזוי געווען; האָבען מיר בעשלאָסען אַריין צו געהן נאָך עגיפטען און זוכען יוסף'ן און אַז מיר וועלען איהם געפינען און ער איז וואו עס איז אַ קנעכט וואָס זאָלען מיר טהון? זאָלען מיר געבען געלד וויפיעל מען וועט וועלען און יוסף'ן אויסלייזען.

בנימין: געוויס!

יחצאל: געוויס, געוויס, אַז דו וועסט זאָגען נו און געוויס וועל איך נישט ערצעהלען.

בנימין: אָבער ערצעהל שוין.

יחצאל: האָבען מיר זיך בעשלאָסען צו געבען געלד וויפיעל מען וועט וועלען און מען זאָל יוסף'ן אויסלייזען. וואָס וועלען מיר אָבער טהון אַז דער עגיפטער וועט ניט וועלען אָבגעבען יוסף'ן?

בנימין: ערמאָרדען!

יחצאל: נו געה זשע דו אַהין!

בנימין: יחצאל ערצעהל דאָך, פלאָג מיך ניט.

יחצאל: הער זשע מיך אויס איז אַזוי געווען. האָבען מיר זיך בעשלאָסען מיר זאָלען זוכען יוסף'ן, אוי יוסף, יוסף! בנימטשיקעל דיך האָב איך דאָך ליעב... נור יוסף'ן האָב איך נאָך ליעבער געהאַט (וויינט)

בנימין: אָבער יחצאל קוועל מיך ניט ערצעהל שוין!

יחצאל: וואַרט אויס איך וועל זיך אַביסעל אויסוויינען.

בנימין: אַך פון דעם אַלטען נאַר איז קיין וואָרט צו בעקומען.

איך וועל בעסער אַריינגעהן צום פֿאָטער און ווען די ברידער
וועלען קומען וועל איך שוין אַלעס ערפֿאַהרען (אב)

**יחצאל:** הער זשע מיך אוים ס'איז אַזוי געוועזען. האָבען מיר זיך בעשלאָסען צו זוכען יוסף'ן.... וואָס, ער איז גאָר אַוועקגעגאַנגען? אָבער שטענדיג איז אַזוי ווען איך נעהם זיך עפּעס צו ערצעהלען, הערט מען מיך אַזוי לאַנג ביז מען לאָזט מיך איבער אין מיטען דערצעהלען און מען געהט אַוועק. איז דאָ עפּעס צו טהון און איך וויל זיך נעהמען צום טהון לאָזט מען מיך ניט, זיי טהוען אַלסדינג אַליין און איך מוז שטעהן פֿון דערווייטענס און צוקוקען. אַך איך אומגליקליכער העלד וואָס איך בין! איך וואָלט געקענט וויַיזען די וועלט אַז פֿון יחצאלען איז ניטאָ וואָס צו לאַכען... אַז איך בין אַ העלד דאָס ווייס איך, אָבער וואו נעהמט מען אַ פֿיינד איך זאָל זיך מיט איהם שלאָגען? איך וואָלט איהם שוין געוויזען ווער איך בין! אָט לאָס איך מיר פֿאָרשטעלען אַז דאָס איז מיין פֿריינד (צייגט אויפ'ן זאק) ער איז אַ עגיפּטער און ער האָט אָבגעקויפֿט יוסף'ן פֿאַר אָ קנעכט, וואָלט איך צו איהם אַזוי געזאָגט: וויפֿיעל געלד ווילסטו מען זאָל דיר געבען אום דו זאָלסט מיר אָבגעבען יוסף'ן צוריק? — אָ שווייַגסט ווילסט ניט קיין געלד? איך פֿרעג דאָך דיך וויפֿיעל געלד ווילסטו זאָלסטו מיר אָבגעבען יוסף'ן? דו ענטפֿערסט ניט? זאָג, דען איך ווער בייז! און אַז איך ווער בייז בין איך גוט בייז! וואָס, דו שווייַגסט? ציטער ציטער דו עגיפּטער פֿאַר מיין שווערד! איך בין אַהעלד! וואָס, דו ווילסט ניט אָבגעבען יוסף'ן? דו ווילסט מיך טאַקע מאַכען בייז? צעהל איך אָב דריי און דו ענטפֿערסט ניט ביזטו אַטוידטער!? גיעסט אָב?.. שווייַגסט?... איז איינס נעהם געלד, זאָג איך דיר און גיעב איהם אָב! שווייַגסט?!... איז צוויי!... ענטפֿער ווארום איך בין שוין גוט בייז! שווייַגסט? איז צוויי מיט אַ האַלב זאָג אָב וידוי דען אָט זאָג איך שוין דריי און עס וועט שוין זיין פֿערפֿאַלען! נעמסט ניט קיין געלד?... שווייַגט? דריי! נאָ נאָ נאָ (ער שלאָגט דעם זאק ער פֿאלט די ברידער ערשייַנען יהודה הויבט איהם אויף)

**יהודה:** וואָס איז דאָ געוועזען?

**יחצאל:** זאָל ער מיר אָבגעבען יוסף'ן, דער עגיפּטער!

**יהודה:** וואָס פֿאַר אַ עגיפּטער?

**יחצאל:** (ווייזט אויפ'ן זאק) אָט דער!

**יהודה:** וואָס פֿאַר אַ עגיפּטער עס איז דאָך גאָר אַזאַק!

**יחצאל:** אַזאַק? און איך האָב געמיינט אַז דאָס איז איין עגיפּטער און ער האָט אָבגעקויפֿט יוסף'ן פֿאַר אַ קנעכט, נו לאָס איך שוין געהן (אב)

**ראובן:** יעצט ברידער בעפֿאָר מיר רעדען מיט'ן פֿאַטער מוזען

מיר וויסען וואָס מיר האָבען צו טהון. מיר מוזען איהם ערצעהלען פון אַלעס וואָס עס האָט מיט אונז פּאַסירט אין עגיפּטען אויך פון שמעונ'ס צוריק בלייבען ביים וויצעקעניג, נור נישט דעם פאָטער איבער־שרעקען. און אויך דעם פערלאַנג פון וויצעקעניג' אונזער יונגסטען ברודער בנימין נאָך עגיפּטען צו ברענגען. איך מיין דאָס דו יהודה ווערסט מוזען איבער נעהמען די אַרבייט אויף זיך, אפשר וועט דיר געלינגען דעם פאָטער איבער צו רעדען ער זאָל מיט אונז מיטשיקען אונזער ברודער בנימין.

**יהודה:** זעהר שיין ברודער! איך האָף אַז איך וועל דאָס אויספיהרען. נור דו ראובן ווערסט מיך אויך מוזען בעהעלפיג זיין. אָ דער פאָטער קומט!

(יעקב ערשיינט מיט די אייניקלעך)

**אלע:** פריעדען צו דיר, פאַטער!

**יעקב:** פריעדען צו אייך מיינע ליעבע קינדער!... וואו איז שמעון? וואָס איז געשעהן? וואו איז שמעון?

**יהודה:** שרעק דיך ניט פאַטער שמעון לעבט און איז געזונד, נור ער האָט געמוזט צוריק־בלייבען אין עגיפּטען ביז מיר וועלען צוריק קומען.

**יעקב:** אָבער אום גאָטעס ווילען! פאַרוואָס איז שמעון געבליעבען אין עגיפּטען און צו וואָס דאַרפט איהר נאָך צוריקקעהרען?

**יהודה:** ליעבער פאַטער, קענסט זיך ערינערן וואָס דו האָסט אונז בעפוילען דאָס מיר זאָלען אין דער שטאָדט יעדער דורך פערשיעדענע טויערן אַריינגעהן פיליכט וועלען מיר אויסגעפינען אונזער פערלאָרענעם ברודער יוסף;

**יעקב:** יוסף! יוסף!...

**יהודה:** דריי טעג און דריי נעכט זענען מיר אַרום־געגאַנגען איבער דער שטאָדט, אָבער מיר האָבען קיין שפור פון יוסף'ן ניט געפונען. אויף דעם דריטען טאָג זענען מיר גערופען געוואָרען צום וויצעקעניג פון עגיפּטען און ער האָט אונס אַלעס שפּיאָנען ערקלעהרט דערפאַר וואָס מיר זענען דורך פערשיעדענע טויערן אין שטאָדט אַריין, מיר האָבען איהם געזאָגט דעם אמת אַז מיר זוכען אַ פערלאָרענעם ברודער און מיר זענען געקומען קויפען קאָרען. אָבער ער האָט אונז ניט געוואָלט גלויבען, ער האָט אונז געפרעגט פון יעדען איינצעלנען געגענשטאַנד: אויב מיר האָבען אַ פאָטער און אויב מיר האָבען נאָך ברידער, נאַטירליך האָבען מיר איהם דעם אמת געזאָגט. צום ענדע האָט ער אונז געזאָגט אַז דאַמאָלס וועט ער אונז גלייבען אַז מיר זענען קיין שפּיאָנען ווען מיר וועלען איהם ברענגען אונזער ברודער בנימין.

**יעקב:** צו וואָס האָט איהר איהם דאָס אַלץ ערצעהלט?

**יהודה:** פאַטער, האָבען מיר דען געקענט פאָראויס וויסען דאָס ער וועט פערלאַנגען בנימין׳ן צו זיך? — און דאַמיט ער זאָל פערזיכערט זיין אַז מיר וועלען איהם בנימין׳ן צושטעלען האָט ער אַלס משכון שמעון׳ן ביי זיך פערהאַלטען.

**יעקב:** אָ קינדער, קינדער! וואָס מאַכט איהר פון אייער אַלטען פאַטער? האָב איך צו אייך געשיקט יוסף׳ן זעהן וואָס איהר טהוט, האָט איהר מיר געבראַכט זיין זיידען העמדעל מיט בלוט, שיק איך אייך נאָך עגיפּטען קאָרען קויפען, קומט איהר צוריק אָהן שמעון׳ן און איצט ווילט איהר נאָך מיין לעצטען טרייסט פון מיר אויך צו נעהמען! אָ קינדער, קינדער! ווילט איהר שוין מיינע גרויען עלטער אין גרוב זינקען? אָה ניין! איך וועל מיין ליעבען בנימין׳ן ניט אַוועקלאָזען פון זיך!

**ראובן:** פאַטער בעדענק זיך! דער הונגער איז גרויס, מיט געגעבען האָט ער אונז וועניג קאָרן. אום מיר זאָלען געצוואונגען זיין נאָך אַמאָל זיך צוריק צוקעהרען. וואָס וועט זיין אַז מיר וועלען צייגערן? מיר וועלען דאָך פון הונגער שטאַרבען! פאַטער, ליעבער פאַטער! גיעב איבער דאָס קינד אויף מיינע הענד, איך וועל דיר איהם געזונד און פריש ברענגען צוריק און פאַלס איך ברענג איהם ניט צוריק זאָ זאָלסטו מיינע קינדער טוידטען!

**יעקב:** וואָס רעדסטו אונבעזאָנענער? זענען דען דיינע קינדער אויך ניט מיינע? ניין ליעבער בנימין דו געהסט ניט! דו בלייבסט ביי דיין פאַטער! אין דיזע ביטערע לייערן ביזטו מיין לעצטער טרייסט. ניין, ניין, אויף איין מינוט קען איך דאָס קינד פון זיך ניט אַוועקלאָזען.

**יהודה:** פאַטער, ליעבער פאַטער! טרוי אָן דאָס קינד אויף מיינע הענד! ווי מיר שיינט זאָל דער הערשער פון עגיפּטען איין עהרענמאַן זיין. ער האָט אונז פערשפּראָכען נאָך הויזע צו שיקען מיט פיעל עהרע און פריידע ווען מיר וועלען איהם צושטעלען אונזער ברודער בנימין! און זיין פערשפּרעכען איז אַזוי ערנסט געוועזען דאָס מיר מעגען איהם גלויבען אָבער פאָטער זאָל דיזער שטאָלצער עגיפּטער זיין פערשפּרעכען ניט האַלטען, איז דיר יהודה׳ס העלדענמוטה גוט בעקאַנט. פערטרויע איהם פאַטער אויף מיינע הענד, געזונד מונטער שטעל איך איהם דיר צו אויף דעם זעלבען אָרט פון וואַנען איך האָב איהם גענומען.

**יעקב:** ווי אַזוי הייסט דער הערשער?

**יהודה:** זיין נאָמען איז צפנת פענח!

**יעקב:** צפנת פענח!.. אָה ניין! איך קען דאָס קינד ניט אַיעק-

לאָזען פון זיך, דאָס אומגליק פון זיין פערלאָרענעם ברודער שטעהט מיר נאָך פאר מיינע אויגען.

**בנימין:** פאַטער! וועסטו ערלויבען דעם יונגסטען פון דיינע קינדער אַפּאָר ווערטער צו רעדען?

**יעקב:** רעד, רעד מיין ליעבער בנימין דיין פאָטער הערט דיך גערן.

**בנימין:** ווער נאָך אויסער דיינע קינדער קענען זיך ריהמען מיט אַזאַ פאָטער ווי דו ביזט? אָבער דאָך פאָטער איז דיין הערץ אַזוי צערשמעטערט פון דאָס אַסאָליגע אומגליק וואָס דיך האָט געטראָפען. זיי אָבער ניט אַזוי פערצווייפעלט, ליעבער פאָטער! דער ליעבער גאָט וועט דיך ביי דיין לעבען אַזוי שווער ניט שטראָפען זאָל דען דאָס זיין דער לוין פון דיין גרויס־פאָטער אברהם וואָס ער האָט זיך געלאָזט אין קאַלך־אויווען ווארפען צוליעב זיין הייליגע אמונה? זאָל דען דאָס זיין דער לוין פון דיין פאָטער יצחק וואָס ער האָט זיך געלאָזט בינדען אויף דער עקידה אַלס קרבן צוליעב זיין הייליגען נאָמען? אָ ניין, עס איז אונמעגליך! דו וועסט אפשר בעטראַכטען דיין בנימינ'ן פאר צו קינדיש אָבער דאָך מוז איך דיר זאָגען דאָס מיין הערץ איז מיר פול האָפנונג דאָס דו וועסט נאָך אַמאָל דיין פערלוירענעם זוהן יוסף ווידער זעהען. אונזער גאָט איז בארמהערציג, ער וועט ביי זיין טרייען קנעכט יעקב ביי זיין לעבען קיינע קינדער צונעהמען. בעטראַכט פאָטער די טרויעריגע געזיכטער פון דיינע קינדער! האָבען מיר דען יעצט אַ אַנדער אויס־וועג? זאָל דען דאָרט צוליעב מיר, שמעון ליידען? אָ ניין פאָטער! טרויע אָן דיין יהודה! איבערהויפּט ווי מיר הערען זאָל דער הערשער פון עגיפטען איין עהרענמאַן זיין און ער וועט מיר געוויס קיין שלעכטעס ניט טהון. ליעבער פאַטער! זיי ניט אַזוי פערצווייפעלט, גיעב אונז מיט דיין זעגען אויפ'ן וועג, מיר פראָפּעצייעט מיין הערץ, דאָס דיזע רייזע וועט אונז פערשאַפען פריידע איבער פריידע!

**יעקב:** זיי געבענשט פון גאָט מיין ליעבער בנימין פאר דיינע טרייסט ווערטער אַלמעכטיגער גאָט אין הימעל! צו דיר הויב איך אויף מיינע אויגען. הער צו דאָס געבעט פון דיין טרייען קנעכט יעקב, בעשיצע מיינע קינדער, נעם זיי אונטער דיינע פליגעל, שיק דיינע גוטע מלאכים, זיי זאָלען שיטצען מיין ליעבען בנימינען עס זאָל איהם חלילה קיין שלעכטעס געשעהן, שיק אויך דיין זעגען אויף דעם הערשער צפנת פענח ער זאָל מיינע קינדער צוריק קעהרען בשלום. געהט מיינע ליעבע קינדער בשלום מיט גאָטעס זעגען און אייער ווידערקומען זאָל אונז ברענגען פריידע איבער פריידע!

**באר:** ציינער נישט פאָטער, ציינער נישט פאָטער!
דיין זעגען גיעב אונז מיט אויף דעם וועג

פֿערטרוי דײַן יהודה גיעב איהם מיט דאָס קינד
גיעב ליעבער פֿאָטער שרעק דיך ניט
גיעב איהם מיט דאָס קינד

**יהודה:** פֿאָטער הער מיך אויך פֿאָטער
גיעב איהם איבער מיר — (בים)
אויף מײַנע הענד בײַ גאָט שווער איך דיר
איהם ברענגען צוריק
דײַן זעגען גיעב אונז מיט
אויף דעם וועג מיט גליק מיט גליק
פֿאָטער אָ צעגער ניט פֿאָטער
מיר קומען באַלד צוריק

**יעקב:** נאָך איז פֿריש דער שמערץ
געבראָכען איז שוין דאָס אַלטע פֿאָטער הערץ
ווי וועל איך עס נאָך ערטראָגען אַצינד } בים
צו פֿערלירען חלילה דאָס צווייטע קינד }

**בנימין:** גרויס איז מײַן לײַדען, עס שמערצט אָהן אַ שיעור
ווי מײַן פֿאָטער קוועלט זיך אַזוי דורך מיר אַ אַ אַ !
אָ הער ווי עס בעט זיך יעדער בעזונדער
אויף דײַנע זעגען ווארטען אַלע דײַנע קינדער
דו אַלײן מיט דײַנע קינדער פֿלעגסט לערנען אַזוי

**יעקב:** וואָס פֿלעג איך מיט אײַך ליעבע קינדער לערנען אַזוי !

**בנימין:** (זינגט) גרעה בעפֿעהלט גאָט . . . א. ז. וו....

פארהאנג פאלט

---

# פיערטער אקט.

(ביי יוסף'ן די ברידער קניען פאר איהם)

**אלע:** זײַ געגריסט פֿון אונז אַלע ברידער
צו דיר צו דיר קומען מיר שוין ווידער
מיר קניען מיר קניען
מיר קניען פֿאַר דײַן הערליכקייט (בים)

**יהודה:** דײַן וואונש גרויסער הערשער איז געשעהן
דעם יונגסטען פֿון אונז האָסטו פֿערלאַנגט צו זעהן
פֿון דעם פֿאָטער און פֿון אונז אַלע געליעבט גאָר אָהן
אַ שיעור

בנימין דײַן קנעכט דער שטעהט פֿאַר דיר

**יוסף:** (צו בנימין) ביזטו דער בנימין מײַן שעהנעס ליעבעס קינד
זאָ זײַ מיר הערצליך ווילקאָמען אַצינד
יאָ עס פֿרײט מיך דיך צו זעהן
יאָ עס פֿרײט מיך אָהן אַ שיעור
גאָט זעגנע דיך דאַפֿיר
אָ ווי שווער מיר איז זיך האַלטען צוריק.

**בנימין:** אָ ווי גוט איז ער ווי פֿרײַנדליך איז זײַן בליק.
פֿאַלען אויף זײַן האַלז אין דעם אויגענבליק

**יוסף:** מנשה! געה ברענג זײַ אַרײַן זײער ברודער צוריק

**באר:** אָ אונזער ברודער שמעון, אונזער ברודער
זעהען מיר שוין ווידער

**יוסף:** אָבער מײַנע פֿרײַנד נאָך איין אויגענבליק
דאַן וועט איהר געהן אין פֿריעדען צוריק.

**די בריעדער:** עס זאָל געשעהן עס זאָל געשעהן

**יוסף:** מנשה מײַן צויבערבעכער ברענג מיר געשווינד. איך מוז
פֿון איהם אַלעס ערפֿאַהרען אַצינד (עס געשיהט, זינגט)
אַלע ברידער מוזען זיצען צוזאַמען
ברידער פֿון איין מוטער, לאה איז איהר נאַמען
דן נפתלי מוזען זיצען צו זאַמען
ברידער פֿון איין מוטער, בלהה איז איהר נאַמען
גד און אָשר מוזען זיצען צו זאַמען
ברידער פֿון איין מוטער, זלפה איז איהר נאָמען.
איך האָב אַלעס געטראָפֿען חאַ חאַ חאַ
מײַן צויבער־בעכער ענטדעקט מיר די גרעסטע געהײַמניסע
אָבער בנימין דער יונגסטער — וואָס טהוט מען יעצט
ער האָט קיין פֿאָר און איז געבליעבען צולעצט
ווילסטו מײַן קינד, עס וועט מיך פֿרײַהען } בים
פֿאַר דײַן פֿאָר נעהם מיך אַליין.

**באר:** עס איז וואונדערבאַר ווי אַזוי דאָס איז געשעהן בים אלע אב

**בנימין:** דום דאַרף זײַן דער, וועכער עס גלויבט דאָס דיזער
בעכער איז אומשטאַנד געהײַמניסע צו ענטדעקען, ווער
ווײס דורך וואָס פֿאַר אַ צופֿאַל ער האָט ערפֿאַהרען אונזערע אַלע
נעמען און שפּילט פֿאַר אונז אַ ראָלע פֿון אַ אַלסוויסענדער, נור דאָך
איינס קען איך ניט בעגרײַפֿען. פֿאַר וואָס האָט דער גרויסער
הערשער אויף מיר אַזאַ איינדרוק געמאַכט? פֿון דעם ערשטען
מאָמענט וואָס איך האָב איהם דערזעהן וואָלט איך שוין אויף זײַן
האַלז געפֿאַלען און צו מײַן האַרצען געוואָלט צודריקען, אַזוי ליעבליך

אַזוֹי גוּט קוּמט עֶר מִיר פֿאָר! אַךְ, אִיךְ הֶער אִיהם קוּמֶען! מֶען דאַרף זִיךְ נִיט צֵייגֶען פֿאַר אִיהם אַזוֹי שוואַכהֶערצִיג, דֶען עֶס פּאַסט נִיט פֿאַר אַ בן יעקב.

**יוֹסף:** (קומט) פֿעֶרצֵייהֶע מִיר לִיעבֶּער בנימין וואָס אִיךְ האָבּ דִיךְ אַזוֹי לאַנג גֶעלאָזט וואַרטֶען אַלֵיין. אִיךְ האָבּ דֵיינֶע בְּרִידֶער צוּם טִישׁ בֶּעגלֵייטעט, דֶען הֶעבּרֶעֶער מִיט עֶגִיפּטֶער קֶענֶען בַּיי אֵיין טִישׁ נִיט עֶסֶען. אִיצט לִיעבֶּער בנימין זֶענֶען מִיר אַלֵיין, ווִילסטוּ מִיר דאָס פֿעֶרגנִיגֶען צוּ-טֵיילֶען אוּן מִיט מִיר אַלֵיין פֿעֶרבּרֶענגֶען?

**בּנימין:** אִיךְ ווֶעל עֶרפִיהלֶען וואָס דעֶר גרוֹיסֶער הֶערשֶׁער ווֶעט בֶּעפֶעהלֶען!

**יוֹסף:** שֶׁעהן מַיין קִינד... זֶעץ דִיךְ... עֶרצֶעהל מִיר מַיין קִינד ווִי גֶעהט עֶס דַיין אַלטֶען פֿאַטֶער אִין גֶעזוּנד? עֶרצֶעהל מִיר אַלץ, לִיעבֶּער בנימין אַךְ דוּ קוּמסט מִיר פֿאָר ווִי דוּ וואָלסט מֵיינֶער אַ בּרוּדֶער גֶעווֶען.

**בּנימין:** קֶען אִיךְ פֿרֶעגֶען דֶעם גרוֹיסֶען הֶערשֶׁער פֿאַר וואָס אִיךְ האָבּ בַּיי דִיר אַגרֶעסֶערֶען אַיינדרוּק גֶעמאַכט פֿאַר מֵיינֶע אִיבּרִיגֶע בּרוּדֶער?

**יוֹסף:** ווַייל אוֹיךְ מִיךְ האָט אַזאַ אוּנגלִיק גֶעטראָפֶען ווִי בַּיי דִיר, בַּיי מִיר אִיז אוֹיךְ אַ עֶלטֶערֶער בּרוּדֶער פֿעֶרלאָרֶען גֶעגאַנגֶען.

**בּנימין:** אוּן דוּ אַלס גרוֹיסֶער הֶערשֶׁער בִּינסט נִיט אִים שטאַנדֶע אִיהם אוֹיסצוּפִינדֶען?

**יוֹסף:** אִיךְ האָבּ שוֹין גֶעפֿרֶעגט אָבֶּער אִיךְ האָבּ קֵיין שפּוּר. נוּן עֶרצֶעהל לִיעבֶּער בנימין ווִי אַזוֹי אִיז דַיין בּרוּדֶער פֿעֶרלאָרֶען גֶעוואָרֶען?

**בּנימין:** אֵיין טאָג האָט אִיהם מַיין פֿאַטֶער גֶעשִׁיקט נאָךְ שכם צוּ מֵיינֶע בּרִידֶער, עֶר אִיז אַוועֶק אוּן אִיז שוֹין מֶעהר נִיט צוּרִיק גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶעם צווֵייטֶען טאָג זֶענֶען מֵיינֶע בּרִידֶער פֿוּן פֶעלד גֶעקוּמֶען אוּן האָבֶּען גֶעבּראַכט זַיין זֵיידֶען הֶעמדֶעל צוּרִיסֶען אוּן מִיט בּלוּט.

**יוֹסף:** צוּרִיסֶען אוּן מִיט בּלוּט...

**בּנימין:** אָה, ווֶער אִיז אִימשטאַנדֶע צוּ עֶרצֶעהלֶען דִי מִילִיאָנֶען טרֶעהרֶען וואָס מַיין אַלטֶער פֿאַטֶער האָט זַייט יֶענֶער צֵייט פֿעֶרגאָסֶען!

**יוֹסף:** אָ פֿאַטֶער, פֿאַטֶער! ווִי גרוֹיס זֶענֶען דֵיינֶע שמֶערצֶען! (וויינט)

**בּנימין:** וואָס? דוּ ווֵיינסט?

**יוֹסף:** ווִי אַזוֹי זאָל דאָס הֶערץ נִיט בּרֶעכֶען אוֹיף אַזאַ אוּנגלִיקלִיכֶען פֿאַטֶער!

**בנימין:** דו ביזט זעהר א גוטער מענש!

**יוסף:** אזוי? האלסטו מיך ווירקליך פאר א גוטען מענשען? זאג מיר ליעבער בנימין, איז דיין פערלארענער ברודער אויך געוועזען א גוטער מענש?

**בנימין:** ער איז געוועזען אזוי גוט, אזוי ליעבענס־ווירדיג!

**יוסף:** און ווי גלויבסטו, ליעבער בנימין? האפסט נאך דיין פאטער זיין פערלארענעם זוהן ווידער צו זעהען?

**בנימין:** יא, מיר האבען נאך די האפנונג ניט פערלארען, דען אונזער גאט איז בארמהערציג, ער וועט ביי זיין טרייען קנעכט יעקב קיין קינד ביי זיין לעבען ניט צו נעמען און מיין אלטער פאטער וועט נאך פאר זיינע ליידען פיעל פריידע האבען.

**יוסף:** יא, דיין אלטער פאטער זאל דאס דערלעבען! איך שווער עס!

**בנימין:** דו שווערסט? ווייסטו אפשר פון מיין פערלארענעם ברודער! זאג זאג גרויסער הערשער (קניעט)

**יוסף:** שטעה אויף ליעבער בנימין? זיי נישט אזוי איבעראשט, עס קען נאך אלעס קומען. נון זאג מיר ליעבער בנימין לויט דו ערצעהלסט מיר ווען דיין ברודער איז פערלארען געגאנגען בינסטו נאך א קליין קינד געוועזען און דו האסט איהם דאך גאר ניט געקענט.

**בנימין:** איך בין נאך גאנץ קליין געוועזען, אבער זיין בילד שוועבט מיר אלעמאל פאר מיינע אויגען, פאסט יעדע נאכט זעה איך איהם אין מיינע חלומ׳ת, אפילו וואכענד ווען איך וויל איהם זעהן מאך איך נור פעסט מיינע אויגען דאן זעה איך איהם באלד.

**יוסף:** אזוי? נו מאך איצט צו דיינע שעהנע אויגען און שטעל זיך פאר ווי זעהט ער אויס!

**בנימין:** (פערמאכט די אויגען) דא דא זעה איך איהם, דא איז זיין שעהנעס בילד, אזוי ליעבליך, אזוי מילד, דא פאלט ער מיר אויף מיין האלדז דא דריקט ער מיך צו זיינער ברוסט — א גרויסער הערשער!

**יוסף:** ניין, זאג ניט — גרויסער הערשער! זאג — ברודער! איך בין דיין פערלארענער ברודער יוסף, נישט אין דער פאנטאזיע נור און דער ווירקליכקייט אומארמסטו דיין ברודער... בנימין, איך בין דיין ברודער.

**בנימין:** דו, גרויסער הערשער, ביזט מיין ברודער? איז עס מעגליך? דו, מיין ברודער? (אומארמונג) לאז מיך איך

זועל לויפֿען מײַנע ברידער די גוטע נאַכריכט אָנזאָגען.

**יוסף:** שטעה. ליעבער ברודער! איך וויל מיך נאָך צו זײַ ניט ערקענען, דען איך וויל נאָך מיט זײַ אַ ביסעל שפּאַסען איך וועל זעהן צו זײַ וועלען מיך אַנערקענען?

**בנימין:** צווייפֿעלסטו ליעבער ברודער, צו זײַ וועלען דיך וועלען אַנערקענען אין אַזאַ גרויסען שטאַנד ווי דו ביסט, בשעת זײַ רעכענען אַז דו ביסט פֿערקויפֿט פֿאַר אַ קנעכט?

**יוסף:** איך מוז צווייפֿלען, דען זײַ האָבען מיך צו די מדינים פֿאַר אַ קנעכט פֿערקויפֿט.

**בנימין:** און דאָס זענען די בני יעקב אים שטאַנד געווען צו טהון מיט זײַער אייגענעם ברודער?

**יוסף:** יאַ, ליעבער בנימין! אָבער גאָטעס ווילען איז אַזוי געווען, ער האָט אַנדערש געמײַנט מיט מיר ווי דו זעהסט מיך יעצט און דעריבער וויל איך איצט זעהן צו מײַנע ברידער בערײַהען זײַער אַמאָליגען טהאַט. העך נור אוים וואָס איך וועל טהון, איך וועל יעצט נעהמען דעם גאָלדענעם בעכער און איך וועל איהם אַרײַנלעגען אין אַ זאַק קאָרן און וועל אייך שיקען נאָך דויזע און גלײַך נאָכדעם וועל איך אייך אומקעהרען זאָגענדיג אַז איהר האָט בײַ מיר מײַן בעכער אַוועקגעגנבה'ט, די גנבה וועט מען בײַ דיר געפֿינען, איך וועל דיר אַלס גנב ערקלעהרען און וועל דיך צו מיר אַלס קנעכט בעהאַלטען. דאַן וועל איך זעהן, וועלען זײַ זיך פֿאַר דיר אָננעהמען איז אַ צײַכען אַז זײַ האָבען חרטה וואָס זײַ האָבען געגען מיר אַ מאָל געטהון.

**בנימין:** עס טוט מיר אַפילו לייד מײַנע ברידער אַזוי פֿיעל שמערצען צו פֿערשאַפֿען, נור אום דיר צו איבערצײַגען דאָס זײַ האָבען חרטה אויף זײַער טהאַט בין איך צופֿריעדען דיר צו העלפֿען דערין.

**יוסף:** און דאַן וועט קומען די גליקליכע צײַט און מיר וועלען אַלע גליקליך לעבען.

**ביידע:** (זינגען) מיר דאַנקען דיר גאָט
פֿאַר דײַנע גרויסע וואונדער
יאַ וואונדער טהוסטו גאָר אָהן צאָהל

בית

**בנימין:** נאָך אַלס קינד צוריק
געלאָזען האָסטו מיר
אָבער דײַן ליעב בליק
האָב איך אַלעמאָל געזעהן פֿאַר מיר.
שטענדיג האָסטו פֿאַר מײַנע אויגען געשוועבט,
שטענדיג מיט האָפֿנונג געלעבט
טאָג און נאַכט מיט בעטען פֿערבראַכט

מײַן ברודער יוסף צו זעהן
אונ יוסף'ן, מײַן ברודער, האָב איך שוין ווידער } בײם
אַךְ גאָט האָט ערהערט מײַן געװײַן

**בײדע:** מיר דאַנקען דיר גאָט א. ז. וו. (בנימין אב)

**יוסף:** (רופט) מנשה, אֶפרים קומט אַרײַן! (עס געשיהט) מײַנע קינדער איך האָב אײך שוין לאַנג געזאָגט אַז די זענען מײַנע ברידער און פאַר וואָס איך דערקען זיך ניט פאַר זײַ. יעצט ליבער מנשה, דו נעהם דעם בעכער און לײג עס אַרײַן אין בנימין'ס זאַק און ווען זײַ וועלען אַוועקגעהן זאָלסטו זײַ צוריק רופען מיט אַ חשד דאָס זײַ האָבען בײַ מיר דעם בעכער גענגבה'ט.

**מנשה:** אױגענבליק פאָטער! (אב)

**יוסף:** און דו אֶפרים נעהם דאָס געלד וואָס זײַ האָבען בעצאָהלט פאַר די קאָרן און לעג עס אַרײַן צוריק אין די זעק און זאָג אָן די עגיפטער דאָס קײנער זאָל וואַגען די העברעער צו אַטיקירען.

**אפרים:** איך געה טהון וואָס דו הײסט מיר (אב, עס קומען אַרײַן מנשה מיט די ברידער)

**מנשה:** דאָ זענען די העברעער, פאָטער!

**יהודה:** גרױסער הערשער! דו האָסט אונז געלאָזט רופען מיט אַ חשד דאָס מיר האָבען בײַ דיר אַ בעכער גענגבה'ט, װעסטו מיר פערצײַהען גרױסער הערשער, ווען איך וועל דיר וואַגען צו זאָגען דאָס אַ בן יעקב וועט קײן גנב ניט זײַן.

**יוסף:** מײַן צױבער בעכער פעהלט מיר דאָך און איך שווער בײַם קעניג פרעה דאָס קײנער האָט איהם ניט גענומען אױסער אײנער פון אײך.

**יהודה:** קענסט לאָזען אונטער זוכען אונז אַלעמען וועסטו זיך איבערצײַגען אַז מיר זענען אונשולדיג.

**יוסף:** דאָס וועלען מיר גלײַך זעהן, מנשה שנעל זאָל איבערגעזוכט ווערען די זעק פון די העברעער. (מנשה אב)

**יהודה:** זעהר שעהן גרױסער הערשער! און זאָל דער בעכער געפונען ווערען בײַ אײנעם פון אונז זאָ זאָל יענער געטױדטעט ווערען און מיר אַלע בלײַבען דײַנע שקלאַפען.

**יוסף:** אָ נײַן! אַזױ שטרענג וועל איך גענען אײך ניט האַנדלען איך וועל נור טהון דאָס, וואָס די געזעצע אונז פאָרשרײַבען, דעריענעגער בײַ וועמען די גנבה וועט זיך געפונען דער בלײַבט מײַן קנעכט און איהר אַלע קענט געהן אין פריעדען אַ הײם.

**יהודה:** זעהר שען, גרױסער הערשער! (מנשה קומט מיט דעם בעכער)

**מנשה:** דאָ איז דאָס בעכער

**יוסף:** בײַ וועמען האָסטו עס געפונען?

**מנשה:** בײַם יונגסטען פֿון זײ, בנימין.

**יוסף:** נו, וואָס זאָגט איהר יעצט מײַנע עהרליכע לײַט?

**יהודה:** יאָ גאָט שטראָפֿט אונז פֿאַר אונזערע זינד מיר בלײַבען אַלע דײַנע קנעכט.

**יוסף:** אָ נײן! איך האָב פֿריהער געזאָגט אַז נור דער אײנער וואָס בײַ איהם איז דער בעכער געפֿונען געוואָרען דער בלײַבט מײַן קנעכט אָבער איהר אַלע זענט פֿרײַ. מנשה נעהם דעם יונגסטען פֿון זײ בנימין און פֿערשפּאַר איהם אין קערקער, דרײַ טעג און דרײַ נעכט זאָל איהם קײן עסען און קײן טרינקען נעגעבען ווערען און יעדען טאָג זאָל ער בעקומען הונדערט שמיץ, שנעל! (מנשה וויל געהמען בנימין'ן)

**אלע:** שטעה! האַלט!

**יוסף:** אָבער מײַנע פֿרײַנד פֿערגעסט ניט וואו איהר געפֿינט זיך (מנשה און בנימין אב) יעצט קענט איהר געהן אין פֿריעדען, גריסט פֿון מײַנעט וועגען אײער אַלטען פֿאַטער, זאָגט איהם אויב יענער פֿערלאָרענער זוהן איז אויך אַזוי אָרענטליך געווען ווי דיזער זוהן, זאָ מעג ער שוין אויפֿהערען צו קלאָגען נאָך איהם, אַ גליקליכע רײַזע! (אב)

**יהודה:** הערט מיך אויס, מײַנע ברידער! ווי מײַן נאָמען איז יהודה אַז בנימין איז רײן פֿון שולד, אַבזיכטליך איז דער בעכער אַרײַנגעלעגט געוואָרען אום אונז דאָ צו פֿערהאַלטען, פֿון אָנפֿאַנג אָן האָט זיך דער שטאָלצער עגיפּטער פֿאָרגענומען אונז צו פֿערפֿאָלגען – אָבער וועה איז דיר מיט דײַן גאַנץ לאַנד ווען איך וועל געצוואונגען זײַן מײַן שווערד אויס דער שײד צו ציהען, הערט מיך אויס מײַנע ברידער! איך וועל פּראָבירען מיט דעם שטאָלצען עגיפּטער נאָך אַ מאָל צו רעדען אפֿשר וועט ער מיר אָבגעבען בנימין'ן און ווען נישט זאָ זאָלען מיר אונזערע שווערדען בענוצען, ברידער! לאָמיר די שטאָדט אין צוועלף טהײלען צוטהײלען מיר זענען 10 און איך נעהם אויף זיך 3 טהײלען. דו נפתלי ביזט דער פֿלינקס=טער צו לויפֿען בײַם ערשטען סיגנאַל מיר אַ צײכען צו געבען און דאָס וואָס שמעון און לוי האָבען געטהון מיט שכם פֿאַר אונזער שוועסטער דינה זאָלען מיר איצט טהון מיט דער שטאָדט פֿאַר אונזער ברודער בנימין, זאָלען די עגיפּטער פֿיהלען וואָס די בני יעקב זענען אימ=שטאַנדע צו טהון.

**אלע:** הידד! (אב)

**יהודה:** (קלאפּט אין טיר) העָ! העָ!

**מנשה:** (קומט אריין) וואָס פֿערלאַנגסטו?

**יהודה:** געה זאָג דײַן פֿאָטער דאָס איך פֿערלאַנג מיט איהם צו רעדען

**מנשה:** עס געהט ניט! דער שולדיגער מוז זיין שטראף בעקומען און איהר קענט זיך געהן אין פריעדען.

**יהודה:** געה זאג דיין פאטער דאס איך פערלאנג מיט איהם צו רעדען האסטו פערשטאנען?

**מנשה:** אבער ניט אזוי אויפגערעגט (גיעט איהם א קלאפ אין פלייצע אב)

**יוסף:** (קוממ אריין) ווער וואגט עס מיר צו שטערען?

**יהודה:** איך וואג עס! האסטו מיטגעבראכט דיין צויבער בעכער טו פרעג איהם ווער איך בין און וואס איך בין איים שטאנד צו טהון.

**יוסף:** וואס איז דאס פאר א שפראך געגען מיר?

**יהודה:** דאס איז די שפראך פון איין פערצווייפעלטען ביי וועלכען מען האט מיט אונרעכט זיין ברודער צו גענומען, דאס איז די שפראכע פון איינעם העלדען וועלכען עס טהוט וועה, דאס איז די שפראכע פון איין גוטמיטהיגען מענשען וועלכער פארערט נור גערעכטיגקייט דאס אונשולדיגע זאלען ניט ליידען.

**יוסף:** וואס פערלאנגסטו פון מיר?

**יהודה:** איך פערלאנג מיט דיר צו רעדען!

**יוסף:** שעהן איך וויל דיך אויסהערען, רעד!

**יהודה:** גרויסער הערשער! אבוואהל איך בין איבערצייגט דאס בנימין איז אונשולדיג, אבזיכטליך האט מען איהם דעם בעכער אין זיין זאק אריינגעלעגט, נור איך בעט דיך לאז איהם פריי און נעהם מיך אויף זיין ארט. ער איז יונג און שוואך, פון איהם קענסטו קיינע נוצען האבען, איך דאגעגען בין גענוג שטארק און קרעפטיג קענסט פון מיר פיעל נוטצען האבען.

**יוסף:** עס טוט מיר זעהר לייד גרויסער העלד דיר אבצוזאגען, דען ליידער מוז איך טהון ווי די געזעצע מיר פארשרייבען דער יעניגער ביי וועמען די גנבה איז געפונען געווארען דער מוז בלייבען מיין קנעכט, אבער דו ביסט פריי, נור אייגענטליך וואלט איך וועלען וויסען ווארום שטעלסטו זיך מעהר ארויס אלס אלע דיינע ברידער?

**יהודה:** ווייל מיר האט דער פאטער אנפערטרויט, אויף מיינע הענד האב איך איהם איבערגענומען און איך קאן אהן בנימין צום פאטער ניט קומען.

**יוסף:** דאס איז גראדע א קלייניגקייט, טהוט דאס, וואס איהר האט געטהון מיט יענעם פערלארענעם ברודער, נעמט א ציידען העמדיל, צורייסט עס שמירט עס איין אין בלוט און זאגט דאס א ווילדעס טהיר האט איהם צורריסען. נור אום זיך צו

בערוהיגען שענק איך דיר מײַן בעכער פאַר דײַן ברודער.

**יהודה:** ווי איך זעה האָסטו זיך פאָרגענומען ניט נור אונז צו פערפאָלגען, זאָנדערן אויך מיט דײַנע רעד אונז וועה צו טהון.

**יוסף:** וואָס? האַנדעל איך ניט גענוג אָרענטליך געגען אײַך? איז דען אײַער ברודער מעהר ווערטה אַלס דיזעס בעכער?

**יהודה:** אפשר בײַ אַ עגיפּטער האָט אַ ברודער מעהר נישט דאָס ווערט ווי אַ שטיקעל זילבער אָבער בײַ מיר ווילסטו נעהמען אַ ברודער פאַר זאָ וואָס? און ווען דו גיסט מיר דאָס רײַכטהום פון דאָס גאַנצע לאַנד גיעב איך דיר מײַן ברודער?!

**יוסף:** און פאַר וואָס האָט איהר יענעם ברודער בלויז פאַר 20 זילבער פערקויפט? דו שטוינסט? פאַר מײַן צויבער בעכער זאָלסטו זיך היטען פאַר איהם זענען ניטאָ קײַנע געהײַמניסע.

**יהודה:** נאָך איין מאָל זאָג איך דיר גיעב מיר מײַן ברודער צוריק!

**יוסף:** און ווען אַלע קעניגע פון כנען וועלען אַהער קומען וועט איהר בנימינ'ן פון מײַנע הענד ניט בעפרײַען, דאָס שווער איך בײַם קעניג פרעה.

**יהודה:** דײַן קעניג פרעה איז אויך אַזאַ ליגנער ווי דו, און דו נאָך פיעל מאָל אונפערשעמטער אַלס ער! וועה דיר און דײַן גאַנץ לאַנד ווען איהר וועט די בני יעקב אונרעכט טהון. גאָט איז מײַן עדות דאָס איך גיעב מיר די גרעסטע מיהע מײַן צאָרן אײַנצוהאַלטען, נאָך רוהט מײַן שווערד אין איהר שייד, נאָך זענען די גאַסען פון עגיפּעט מיט בלוט ניט פערגאָסען, נאָך איין מאָל זאָג איך דיר גיעב מיר מײַן ברודער צוריק, זאָנסט וועל איך גע-צוואונגען זײַן...

**יוסף:** דו האַלסט זיך ווירקליך פאַר אַזאַ גרויסען העלדען? גלויבסטו דאָס עגיפּטען האָט קײַנע העלדען צו בעווײַזען? זאָ וואַהר ווי דער קעניג פרעה לעבט דאָס מיט איין מינוט שפּעטער וועסטו גאַנץ אַנדערש דענקען

**יהודה:** חאַ חאַ חאַ שוואַכע פליעגען!

**יוסף:** נאָך איין מינוט וועסטו אַנדערש לאַבען האָלאַ! ~~(ער [illegible] מיט די הענד עס קומען [illegible])~~ נו מײַן העלד בײַזט מײַן געפאַנגענער, ביטע אום דײַן שווערד!

**יהודה:** מײַן שווערד? היער איז מײַן שווערד און מאַכט פלאַץ דעם לײַב איהר שוואַכע פליעגען (ער לויפט צו זיי זיי ענט-לויפען ער גאך זיי עס הערט זיך שטורמען און קעמפפען)

**בנימין:** (לויפט אריין) אָ יוסף וואָס האָסטו געטהון? בײַזט צו ווײַט געגאַנגען איך שרעק מיך זעהר עס זאָל דיר עטוואָס ביט געשעהען, שנעל אום גאָטעס ווילען רוף זײַ צוריק איך בעט דיך!

יוסף: אָבער קינד בערוהיגע דיך. ציטער נישט אזוי! עס איז קיין געפאהר נישט פאר זיי אויך נישט פאר מיר אין גע־גענטייל איך בין צופריעדען וואס עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגענ־הייט דאָס די עגיפטער זאָלען וויסען ווי די בני יעקב צו רעס־פעקטירען שפעטער ווען זיי וועלען זיין ביי מיר אין עגיפטען

בנימין: אָבער לאָז עס שוין אויפהערען, הער הער! (מען הערט סיגנאלען)

מנשה און אפרים: (אריינלויפענדיג) פאטער! ליעבער פאטער! וואָס האָסטו געמאַכט?

יוסף: שנעל געהט זאָגט זיי דאָס זיי זאָלען אויפהערען. איך וועל זיי זייער ברודער בנימין צוריק געבען (מנשה און אפרים אב אין א קורצע צייט קומען זיי צוריק מיט די ברידער וועלכע זעהען אויס ווילד)

יהודה: נו, גרויסער הערשער! איך האָב געהאַט די עהרע בעקאַנט צו ווערען מיט דיינע עגיפטישע העלדען, מעגסט ווירקליך שטאָלצירען מיט זיי, בראַוואָ יונגען מוטהיג ווי די האָזען און שטאַרק ווי די פליעגען חאַ, חאַ, חאַ... גרויסער הערשער דו האָסט אונז געלאָזט רופען מיט אַ פערשפרעכען אַז דו וועסט אונזער ברודער בנימין צוריק געבען.

יוסף: אייער ברודער וועל איך אייך צוריק געבען, אָבער ערשט פערגעסט ניט אַז איהר שטעהט פאַר דעם הערשער פון עגיפטען!

יהודה: יאַ דו האָסט רעכט הערשער! ברידער מיינען ביישפיעל נאָך! (אלע לעגען די שווערדען אין די שיידען צוריק)

יוסף: יאַ אייער ברודער וועל איך אייך צוריק געבען, אָבער וואָס וואָלט איהר געזאָגט ווען איך זאָל אייך אייער פער־לוירענעם ברודער יוסף אויך געבען?

יהודה: דו ווייסט וואו ער איז? גיעב איהם אונז איבער! גיעב איהם (פאלט אויף די קניע בעטענד)

יוסף: שטעה אויף! איך וועל אייך איהם באַלד אַריינרופען. נור איין זאַך האָט ער מיך געבעטען איך זאָל אייך זאָגען, אַז ער האָט אייך שוין פערצייהען און איהר זאָלט פריי און נישט צוריקגעהאַלטען איהם אומאַרמען ווי צערטליכע ברידער. אַלזאָ מוטה, ער קומט! יוסף, יוסף! קום אומאַרמע דיינע ברידער!.. האַ? ער שרעקט זיך ער האָט מוראָ אֶפשר וועט איהר איהם ניט דער־קענען. אַלזאָ הערט דעם צייכען, וועלכען ער האָט מיר געהייסען אייך איבערגעבען נאָך וועלכען איהר זאָלט איהם ערקענען (זינגט: נעה בעפעהלט נאָט די נשמה א. ז. וו.

נו איז דער צייכען ריכטיג?

אלע: יאָ! אָבער וואו איז יוסף?

**יוסף:** יוסף?.. נאך ערקענט איהר ניט אייער ברודער יוסף? איך בין אייער פערלארענער ברודער!... ברידער מיינע וואס שרעקט איהר זיך? (עס קומט אריין בנימין) בנימין זאג זיי אז איך בין יוסף!

**בנימין:** נו? פאר וואס אומארט איהר ניט אייער ברודער יוסף?

**ראובן:** גאט!.. איז דאס מעגליך?... דו ביזט מיין ברודער יוסף? א מיין ברודער!

**שמעון:** יוסף, מיין ברודער, זיי מיר מוחל!

**יוסף:** איך בין אייך מוחל און איך בין אייך אפילו זעהר דאנקבאר, דען עס האט מיר געפיהרט אין עגיפטען צו מיין גליק, דארום ערגערט אייך ניט, דענקט ניט מעהר דאראן, מיר וועלען ווידער אלע צוזאמען און גליקליך איבער גליקליך! מנשה, אפרים! טראגט אריין ויין וועלען מיר טרינקען צור געזונד פון אונזער אלטען פאטער! נור איך בעט אייך מיינע ברידער נישט מיט אמאל איבערראשען אונזער אלטען פאטער, עס זאל איהם ניט שאדען. דו בנימין וועסט זיין דער שליח (מען ברענגט וויין אלע נעמען בעכער).

**בנימין:** איך דאנק דיר מיין ליעבער ברודער
איך דאנק דיר פאר דאס שליחות
א א א מיינע ליעבע ברידער
מיר וועלען דעם פאטער מיט די נאכריכט ערפרייען
דא אין עגיפטען לעבט יוסף
מיר וועלען דעם פאטער מיט די נאכריכט ערפרייען

**יוסף:** בעפאר איהר געהט
ערקוויקט אייער הערץ מיט וויין

**כאר:** שטויסט אן שטויסט אן

**יוסף:** אל רחום אל רחום א. ז. וו.

## פארהאנג פאלט.

---

### פערוואנדלונג. (עפילאג)

(די בני יעקב טראגען זייער פאטער אויף א באלדאכאן)

**יעקב:** וואו זענען מיר איצט?

**יהודה:** מיר זענען איצט ניט וויים פון עגיפטען, דא האט אונז יוסף בעשטימט מיר זאלען איהם ערווארטען, דא וויל ער דיר ענטקעגען קומען.

יעקב: יוסף!... יוסף וויל מיר ענטקעגען קומען!? מיין פערלוירען קינד מיין געליעבטעס קינד וויל מיר אנטקעגען קומען?!.. איהם וועל איך באלד אומארמען און צו מיין הערצען צודריקען?!.. א גאט איז דאס וואהר?!!

בנימין: יא פאטער! זא וואהר ווי גאט לעבט און ווי מיר שטעהען דא אלע ארום דיר... פאס מוטה פאטער! שטארק זיך... דער גרויסער הערשער פון עגיפטען וועט באלד צו דיינע פיעס ליעגען.

(מען הערט סיגנאל'ען אגערויש פון אנקומענדע מיליטער)

יוסף: (הינטער די קוליסען) וואו איז מיין פאטער?! וואו איז ער?

יעקב: איז דאס ניט זיין שטימע?

בנימין: יא, דאס איז יוסף!

יוסף: (לויפט אריין מיט מנשה און אפרים און מיליטער) פאטער! (אומארמונג)

יעקב: דו ביזט עס מיין קינד יוסף? דיך מיין פערלארען קינד האלט איך ווידער אין מיינע ארעמס?

יוסף: א הערצליך געליעבטער פאטער! ווי פערענדערט דו ביסט! וויפיעל דו האסט געמוזט ליידען?!

יעקב: דער איצטיגער מאמענט בעצאהלט מיר פאר אלעס, מיין קינד. מיין יוסף'ן האב איך ווידער ביי מיר... דאס איז שוין פאר מיר גענוג. יעצט קען איך שוין שטארבען רוהיג.

יוסף: אה ניין ליעבער פאטער, לעבען זאלסטו, לעבען נאך פיעל גליקליכע יאהר מיט מיר. דאס זענען מיינע קינדער ליעבער פאטער מנשה און אפרים. גיעב זיי דיין זעגען ליעבער פאטער (יעקב בענטשט זיי) יעצט ליעבער פאטער קום. דער קעניג פרעה האט מיר געבעטען אז באלד ווי איהר וועט אנקומען זאל איך אייך פאר איהם פארשטעלען. איך בין יעצט גרויס און מעכטיג איך בין דער הערשער איבער עגיפטען.

יעקב: איז דאס מעגליך? יוסף מיין קינד!

בנימין: יא ליעבער פאטער עס איז אמת. (זינגט)
א קעניג לעבט אין עגיפטען לאנד
בעריהמט איז ער נאך זיין פערשטאנד
זיין נאמען זעה איך טרעף געשווינד
דאס איז יוסף דיין געטרייעס קינד.

יעקב: ערצעהל מיין קינד, ערצעהל מיין קינד. כאר ביס (יעקב זעצט זיך אריין אין באלדאכאן מען הויבט איהם אויף און מיט פריידענס געשרייען טראגט מען איהם אוועק)

פארהאנג פאלט.

## פערשיעדענע

| | K | h |
|---|---|---|
| אננא קארענינא | — | 70 |
| אוריאל אַקאסטא, לערנער | — | 60 |
| אַבאלע אשכנזי | — | 70 |
| אידישער פריץ שמ״ר | — | 50 |
| איזיק שעפטיל, פינסקי | — | 80 |
| אייביגער יוד, הייערמאן | — | 20 |
| לאַגעמיינער שטרייק, שטיפט | — | 50 |
| אַרבייט און קאפיטאַל | — | 60 |
| איטשע מאיר צו די וואהלען | — | 20 |
| אייביגע ליעד, אָרנשטיין | — | 40 |
| אַשמדאי, אנדרעיעוו | 1 | 50 |
| בר כוכבא, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| באַבע מיט׳ן אייניקעל | — | 60 |
| בחורים, איין אַקטער, | | |
| פון קאַצענעלזאָהן | — | 45 |
| בן הדור, הארוויטץ | — | 70 |
| בית דוד, ״ | — | 60 |
| בוסתנאי, אויערבאך | — | 60 |
| בת שבע, אַ דראַמאַ אין | | |
| 5 אַקטען טהורש | — | 60 |
| געבראכנע הערצער, ז. ליבין | — | 70 |
| גליק׳ס פערנעסענע, פינסקי | — | 30 |
| דער ליגנער קאַמישע אָפּרעטע | | |
| אין 4 אַקטען פון אַ. גאָלדפאַדען | — | 70 |
| דער בטלן אלעבענס־בילד אין | | |
| 4 אַקטען פון נ. ראקאוו | — | 70 |
| דיא רויבער, שיללער | — | 90 |
| דר. אַלמאָסאַראַ גאָלדפאַדען | — | 60 |
| דעקאדענט איין־אַקטער, | | |
| פון קאַנצעלזאהן | — | 45 |
| ראָראַ, שליפערשטיין | — | 60 |
| דוד אין דער וויסטע, עפעלבערג | — | 60 |
| דאס ברענענדע הויז | — | 70 |
| דער דאָקטאָר, שלום עליכם | — | 30 |
| די יודען, טשיריקאוו | — | 80 |
| די וועבער, הויפטמאַן | — | 80 |
| דער שדכן, עפעלבערג | — | 30 |
| די עגונה, לערנער | — | 70 |
| דער הונגער, יושקעוויטש | — | 70 |
| די מוטער, שטיינבערג | — | 70 |
| דער גט, שלום עליכם | — | 30 |
| הערצעלע מיוחס, ריכטער | — | 60 |
| הדסה די הלוצה | — | 70 |
| זשידאָווקא, לערנער | — | 60 |

| | K | h |
|---|---|---|
| ווילנער בעל הבית׳ל | | |
| אָרנשטיין | 1 | — |
| זשאן און מאגדלענא, מירבא | — | 70 |
| חפני ופנחס, שארקאווסקי | — | 70 |
| **חנה׳לע די נעהערין** | — | 70 |
| **טאטע מאמעס צרות** | | |
| פון נעבל | — | 50 |
| ישיבה בחור, גארדאן | — | 70 |
| יודישע אַקטיארען אויף רייזע | — | 45 |
| כישוף־מאכערין, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| כל נדרי, שארקאנסקי | — | 70 |
| אַ מענש זאָל מען זיין, שור | — | 70 |
| לעצטע השמונאים, וואַהלמאן | — | 70 |
| **משה סאלדאט** | | |
| פון מ. נ. שייקעוויטש | — | 70 |
| **מאטי מלך דער סטאלער** | | |
| דראַמע פון קאָרנבליט | — | 70 |
| מאן, אונטערן טיש | — | 25 |
| משה חיט, ריכטער | — | 60 |
| מזל טוב, שלום עליכם | — | 30 |
| משיח׳ס צייטען, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| נאכן שטרייק, טשורני | — | 45 |
| סאלאָמעא, אָואיילד | — | 80 |
| עקידת יצחק, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| עתליהו, הארוויטץ | — | 50 |
| עזריה גבור היל | — | 70 |
| פאר טאג, וויטער | — | 50 |
| צווייעט און צושפרייט, | | |
| שלום עליכם | — | 80 |
| צווייטער המן שמ״ר | — | 70 |
| קאַספער, וויסענבערג | 1 | — |
| קאָקעטטע דאַמען, שמ״ר | — | 60 |
| קעניג אחשורוש, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| קעניג הורדוס, לאנדוי | — | 70 |
| קבצנזאָהן עט הונגערמאַנן | — | 60 |
| קוני לעמעל, גאָלדפאַדען | — | 60 |
| רעפעטיציע, רייזען | — | 20 |
| רות, אַ דראַמא אין 5 אקטען, | | |
| טהורש | — | 60 |
| שושנה, אַ דראמא אין 5 | | |
| אַקטען טהורש | — | 60 |
| שולמית, גאָלדפאַדען | — | 60 |

| | K | h |
|---|---|---|
| שלום בית, ריכטער | — | 60 |
| שמענדריק, גאָלדפאַדען | — | 40 |
| שמע ישראל, דימאוו | — | 70 |
| שבת קודש, פיינמאן | — | 70 |
| שטן אין גן עדן | — | 70 |
| בערעק יאָסעלאָוויטש | — | 70 |
| גאַבריי און די פרויען, פינסקי | 1 | — |
| מיט זיינער פאַהנען, „ | — | 60 |
| יענקיל דער שמיעד, „ | 1 | 40 |
| יודישע נשמה | — | 70 |



# פערשיעדענע נייע ערשיענענע ביכער.

(פרייזע: קראָנען און העללער)

| | K | h |
|---|---|---|
| סאקאלאוו'ס שריפטען | 2 | — |
| פרעה, אַ ראמאן פון ב. פרוס | 2 | 50 |
| איזועטא, אַ ראמאן | | |
| פון ג. ד. מופאסאן | 1 | 15 |
| דער רעדאקטאר, ראמאן | | |
| פון קנוט האמסון | 1 | 25 |
| דער למד וואָ'ניק פון ש. כהן | — | 90 |
| דער צייטונגסשרייבער ראמאן | | |
| פון מ. סאַראַאָ | 1 | — |
| דער קרוינפרינץ, אַ ראמאן | | |
| פון מייער־פירשטער | 1 | — |
| מאמענט פאטאגראפיעס | | |
| מ. ספעקטאר | — | 90 |
| די גאָלד־מאכער, ערצעהלונג | — | 40 |
| די פערבלאנזעטע, ערצעהלונג | | |
| פון מ. ספעקטאר | 1 | 25 |
| דאס בוך און דער לעזער, | | |
| אַ זאמעלבוך | 1 | 25 |
| דער עוויגער יוד, ראמאן | | |
| פון אייזשען סיי | 2 | 50 |
| שיילאק, ערצעהלונג | — | 25 |
| קעניג ליר, ערצעהלונג | — | 40 |
| אין דאָרף, ערצעהלונג | 1 | 90 |
| ערצעהלונגען און בילדער | | |
| פון י. מ. וויסענבערג | 1 | 90 |
| נארדוי'ס מעשה'לעך | | |
| פאר יונג און אלט | 1 | 25 |

## אלע שריפטען
פון
# מארים ראזענפעלד
## פאעזיע און פראזא
פון דעם פּיבעקאנטען און בעריהמטען
פאלקס־דיכטער אין 6 בענדער.

**יעדער באנד א K 3.75**

בעשטעללונגען ווערען געגען אננאבע רעסט נאכנאהמע, פינקטליך עקספעדירט

אמקרויט און פריינד, בוכהאנדלונג, פשעמישל